יעקב מילך

# אידישע פּראָבלעמען

ערשטער באַנד

ניו יארק, 1920.

צו מיין פרוי פעני, מיין געטרייען חבר̃, וואָס האָט מיר פאַר די לעצטע 25 יאָהר, אין צייטען פון יאוש און נויט שטענדיג געשטאַרקט די הענט — זענען די דאָזיגע בלעטער געווידמעט מיט ליעבע און אַנערקענונג.

דער מחבר.

## פאָרבאַמערקונג.

די זאמלונג פון ארטיקלען, וועלכע ווערען דאָ ארויסגעגעבען אין דריי בענדער, זענען ערשינען אין פארשידענע צייטונגען און צייטשריפטען אין פארלויף פון א רייה יאָרען.

א בוך אזוי צוזאמענגעשטעלט האָט אוינענשיינליך פעלערען, וועלכע מען געפינט ניט אין א בוך, וואָס ווערט לכתחילה געשריבען מיט א פלאן און מיט א המשך.

פון איין זייט פעהלט אזא בוך די נויטווענדיגע איינהייטליכקייט און פאָרטזעצונג פון דעם געדאנקענגאנג; פון דער צווייטער זייט איז אוממעגליך אויסצומיידען ווידערהאָלונג.

ספעציעל איז דאָס אמת, ווען מען באהאנדעלט אידישע פראָבלעמען אין א רייה פון יאָרען. פילפאכיג און פילזייטיג ווי עס זענען די אידישע ליידען, זענען די פראָבלעמען וואָס וואקסען פון זיי ארויס נאָר געצעהלטע. מען דרעהט זיך כסדר אין א צירקעל.

אויסצושניידען דיזע ווידערהאָלונגען, וואָלט אפשר דעם בוך געגעבען א מער איינהייטליכען כאראקטער, די איינציגע ארטיקלען וואָלטען אָבער געליטען אין זייער געלויפינקייט און אינערליכען ריטם.

איך האָב דאדורך באשלאָסען די ארטיקלען צו לאָזען אין זייער אורשפרינגליכער פאָרמע, מאכענדיג נאָר קליינע אויסבעסערונגען, דאָ און דאָרט, און האָב געזוכט ממלא זיין דעם חסרון מיט דעם, וואָס איך האָב זיי אויסגעשטעלט ניט כראָנאָלאָגיש, ניט לויט דער צייט ווען זיי זענען פארעפענטליכט געוואָרען, נאָר לויט זייער אינהאלט.

איינינע אָפּהאנדלונגען, ווי די וועגען „פריפערענס" און „אימיגראציע" קאָנען אפשר ביי מאנכע אויסקומען עבר זמנם. ספעציעל נאָך די פאסירונגען פון דער מלחמה. און די געזעצען וועלכע ווערען איצט געפלאנעוועט געגען אימיגראציע.

איך באטראכט די היינטיגע פאסירונגען ווי א פלוצלינגען ווינט, וואס בלאזט אלע מאל אין אזעלכע צייטען, ווי די וועלכע מיר לעבען איצט איבער. אזא שטורעמיווינט בלאזט קיינמאל ניט קיין גוטס. דאס איינציגע גוטס אין אים איז דאס, וואס ער בלאזט זיך איבער. ער מאכט טיילמאל אן חורבות, אבער ווען ער איז פארביי, שיינט די זון ווידער. איך געפין דאדורך ניט קיין אורזאך צו ענדערען מיינע מיינונגען.

ביי אלע פעהלערען פון דעם בוך, און קיינער קאן זיי ניט אזוי גוט ווי איך, וועט דער לעזער, אזוי האף איך, געפינען אן ערנסט באשטרעבען, זיך קלאר צו מאכען די פראבלע־מען, וועלכע דריקען דאס הארץ פון יעדען פון אונז.

**דער מחבר.**

# איך בין אַ איד *)

איך הויב אָן מיט דעם כּלל: אויב איך בין געבוירען גע־ווארען אַ איד, מוז איך בלייבען אַ איד.

איך וועל באַלד אין אָנהויב זיך ניט ארייַנלאָזען אין חקירות וועגען דעם, וואָס הייסט אַ איד? צי איז דאָ אַ אידיש פאָלק? וואָס זיינען די סמנים פון אַ פאָלק, א. ז. וו.

דערוויַיל ווייס איך נאָך גאָרניט, צו איז גאָר דאָ אַ אידיש פאָלק אויף דער וועלט. איך הויב אָן מיט זיך און רעד נאָר פון זיך, פונקט ווי איך וואָלט געווען דער איינציגער איד אויף דער גאַנצער וועלט, דאָס וואָרט איך נעם איך אין דעם גע־וועהנליכען זין, און זאָג אַזוי: אויב צו זיין אַ איד מיינט צו זיין עטוואָס אַנדערש ווי אַלע אַנדערע, ניט אידען, דאַן בין איך דאָס געוואָרען אָהן מיין ווילען און אָהן מיין וועהלען. מיין ווילען און מיין וועהלען קענען דאַדורך ניט מאַכען איך זאָל ווערען עטוואָס אַנדערש ווי דאָס, וואָס איך בין.

ווען אַ איד זאָל וועלען ווערען אויס איד, אָדער ווען ער זוכט צו פאַרלייקענען דעם פאַקט, אַז ער איז אַ איד, מוז ער פאַר אַלעם מודה זיין, אַז ער איז ערגער פון די אַנדערע, אַז זיין אָבשטאַ־מונג איז פון אַ געמיינעם סאָרט, אַז יעדער איינער וואָס איז ניט קיין איד, איז בעסער און שטעהט העכער פון איהם. דאָס, שיינט מיר, איז אוננאַטירליך. ווי אַזוי קען איך מודה זיין, אַז איך טויג ניט; ווי אַזוי קען איך צושטימען צו דער אי־דעע, אַז איך בין אַ נידריגע בריאה, אַז מיין טאַטע און מיין מאַמע און אַלע דורות פאַר מיר האָבען ניט געטויגט?

און לאָמיר זאָגען, איך וועל געהן געגען מיין אייגענע נאַ־

*) ערשיענען אין דעם „קאָנגרעס", דעם 17טען סעפּטעמבער, 1915, אונטער דעם פּסעוודאָנים: בן־פלטיאל.

טור און זאגען, אז איך טויג ניט; אז איוואן, און יאהאן, און דזשאן, און זשאן זיינען אלע בעסער פון מיר, וועט דאס מיר עפּעס העלפען? ווי אזוי קען איך באווייזען צו ווערען אן אנדערער? ווי אזוי קען איך ווערען אוים איך? ווי אזוי קען איך ווערען אוים דאס, וואס איך בין? ווי אזוי קען איך ענדערען מיין נאטור?

אדרבא, דאס גופא וואס איך בין מודה, אז איך טויג ניט, אז איך בין ערגער פון די אנדערע, דאס גופא וועט באווייזען, אז איך קען ניט ווערען עטוואס אנדערש.

איך הויב דאדורך אן מיט דעם כלל: אויב איך בין גע־בוירען געווארען א איד, מוז איך בלייבען א איד.

ווען איך זאג: איך באטראכט זיך דערוויל, פונקט ווי איך וואלט געווען דער איינציגער איד אויף דער וועלט, איז דאס נאר, כדי בולט ארויסצוברענגען דעם פונקט, אז איך קום צום כלל ישראל ניט אוים אבסטראקטע פרינציפען פון פאטריאטיזם, הומאניטעט, קולטור און די אנדערע שענע אבער ביליגע פראזען, נאר אוים דעם אינערען דראנג און נויט־ווענדיגקייט, וועלכע פליסען פון מיין נאטור אלס איד.

אבסטראקטע פרינציפען קענען קיינמאל ניט ברענגען צו דעם באוואוסטזיין, אז עס עקזיסטירט א פאלק, פון וועלכען מען איז א טייל. עס איז ניטא קיין פסיכאלאגישע בריק, וועלכע פירט צו דעם אידישען פאלק, אדער אידישע פראבלע־מען. סוביעקטיוו, עקזיסטירט יעדער נור פאר זיך, מיט אלע זיינע ליידען און פריידען. באגרייפען דעם צווייטענס ליידען קען א מענש נור דעמאלט, ווען ער האט אליין געליטען די־זעלבע יסורים. מען קען אפשאצען יענעמס ציין־שמערצען, ווען מען האט אליין געליטען ציינער־וועהטאג. מיטליידען, מיטפילען קומט אלס רעזולטאט פון דעם, וואס מען האט אליין איבערגעלעבט און דורכגעלעבט. איינער ליידט מיט מיט זיין פאלק נור דורך דעם, וואס ער איז אליין אונטערוואר־פען דיזעלבע ליידען.

אבער אויך דאס מיטליידען און מיטפילען גיט מיר נאך אלץ ניט דעם פולען באוואוסטזיין פון דער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאלק, אדער מיין צוגעהעריגקייט צו דעם פאלק.

דאס אידישע פאלק ענטדעק איך ערשט דעמאלט, ווען איך נעם זוכען תרוצים אויף פארשיעדענע קשיות; ערשט ווען איך הויב אן זוכען רפואות פאר מיינע ליידען, ערשט דע־מאלט געפין איך די עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאלק; ערשט דעמאלט טאפּ איך אן דעם שנור וואס בינדט מיך צום פאלק; ערשט דעמאלט געפין איך אויס, אז מיינע ליידען זיינען ניט קיינע אינדיווידועלע ליידען און די רפואה קען דאדורך ניט זיין קיין רפואה פאר מיר אליין. איך געפין דע־מאלט, אז איך בין די גאנצע צייט געווען איינער פון דעם פאלק, וואס האט געליטען פאר דעם פאלק אויף אזויפיעל, אויף וויפיעל דאס פאלק האט געליטען פאר איהם. פונקט ווי דאס קינד לערענט זיך אויס ריידען, און רעדט לויט די כללים פון גראמאטיק, איידער עס האט אפילו א באגריף פון דער עקזיסטענץ פון גראמאטישע כללים, אזוי האנדעלט א מענש און פילט ווי איינער פון זיין פאלק, נאך איידער ער האט א באגריף פון די עקזיסטענץ פון דעם פאלק.

אבער שוין דא, באלד אין אנהויב, קום איך אין ווידער־שפרוך מיט דער אויבערפלעכליכער ערפארונג.

אויב דער זאץ: „א איד מוז בלייבען א איד“ זאל זיין גילטיג, מוז ער זיך צופאסען צו אלע פעלע, צו אלע אידען און אלע צייטען. די ווירקליכקייט שיינט צו געהן להיפוך פון דעם. די גרויסע צאל משומדים ביי אידען אין אלע צייטען, די שמד־באוועגונג וואס געהט היינט אן אין רוסלאנד שיינט צו באווייזען, אז מיין כלל איז ניט נור ניט א געאמעט־רישע אקסיאמע, וואס לאזט ניט צו קיין אויסנאם, נאר אז ער איז אפילו ניט א גראמאטיקאלישע רעגעל, וואס ווערט באשטעטיגט פון דער אויסנאם.

דיזע איינווענדונג איז אן אויבערפלעכליכע.

די שמד־באוועגונג באווייזט גארניט, און אויב זי קען עטוואס באווייזען, איז עס פונקט דער היפוך.

איך פארלייקען ניט, אז מיר האבען אלע מאל געהאט און וועלען האבען משומדים. איך זאג נור, אז די וואס שמד'ען זיך ווערען ניט אויס אידען און קענען ניט ווערען אויס אידען.

דיזער געדאנק ווערט באקעמפט פון אלע סארטען אי־

רען. זאגט א אידען, אז מיט דעם וואס איינער שמד'ט זיך ווערט ער ניט אויס איד, און ער וועט אייך ניט פארשטעהן. דער אלטער זאץ: „ישראל ואורייתא וקודשא בריך הוא חד הוא", די אידען, די תורה און דער רבונו של עולם זיינען איינס, איז איינגעוואָרצעלט אין דעם באוואוסטזיין פון יעדען אידען. די לומדים, די משכילים, די אסימילאטארען און די גאנץ־פשוט'ע מענשען, — אלע האלטען זיך ביי דעם זאץ: ישראל ואורייתא וקודשא בריך הוא חד הוא!

אבער עס איז מערקווירדיג ווי דיזער זאץ, וואס האט געזאלט אויף אייביג באפעסטיגען און פארצעמענטעווען דאס יודענטום, האט אין די נייערע צייט געפירט צו די פארלייקענונג פון דער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאלק.

די גאנצע אסימילאציע, די גאנצע רעפארמעריי איז געבויט אויף דיזען איינעם זאץ. פון דעם זיינען דאס ארויסגעקומען די „גלויבענס־גענאסען", די פאליאקען, דייטשען, פראנצויזען, א. ז. וו. בני־דת־משה. זיי האלטען, אז „ישראל ואורייתא חד הוא". די איינציגע פארבינדונג וואס זיי האבען אלס אידען, איז די רעליגיע. אידישקייט מיינט אידישע רעליגיע. דאס וואס די רעליגיע איז ביי זיי א פאראדיע, א חוזק, דאס ענדערט ניט די זאך, זיי באטראכטען זיך אלס אידען, און אלס א טייל פון די איבעריגע אידען נור מיט דעם, וואס זיי זיינען „גלויבענס־גענאסען". בייטען די רעליגיע איז ביי זיי, פונקט ווי ביי די ארטאדאקסען, אז אבזאגען זיך פון דעם יודענטום. דעם זעלבען גלויבען באזיצען אויך די וואס שמד'ען זיך. אויך זיי גלויבען, אז מיט דעם שמד'ען זיך ווערען זיי אויס אידען, ווארים עס איז ניטא קיין אידיש פאלק, עס איז נאר דא א אידישע רעליגיע.

און אזוי ווי דער זאץ האט פון איין זייט געפירט צו דער פארלייקענונג פון דעם אידישען פאלק, האט ער פון דער צווייטער זייט געפירט צו דער פארלייקענונג פון רעליגיע. מיר זעהען ווי פילע משכילים, און אויך פראקטאקעס, צווינגען ארויף אויף זייערע קינדער רעליגיעזע צערעמאניעס, פון וועלכע זיי אליין האלטען ניט, מיט דעם אויסגעשפראכענעם צוועק: די קינדער זאלען וויסען, אז זיי זיינען אידען. די

רעליגיע פארלירט דאדורך איהר אינערליכען ווערטה, און ווערט נור א מעכאניש־מיטעל, צו עטוואס אנדערש; די רע־ליגיע ווערט פון א זעלבסט־צוועק א מיטעל: די קינדער זא־לען וויסען, אז זיי זיינען אידען.

אבער גראד דאס, וואס אלע סארטען אידען גלויבען אין דעם זאץ: „ישראל ואורייתא חד הוא", גראד דאס באווייזט די פאלשקייט פון דעם זאץ. און עס איז זעהר גוט, וואס ער איז ניט אמת. וואלט דער זאץ נאך היינט געהאט די זעלבע גילטיגקייט וואס ער האט געהאט אין דער צייט, ווען ער איז ארויסגעזאגט געווארען, וואלט עס געהאלטען שלעכט מיט דעם יודענטום, און עס וואלטען אפשר גארניט כדאי געווען די אלע צרות. ער איז אבער ניט אמת. שוין דער פאקט אליין, וואס פילע מענשען צווינגען די רעליגיע ארויף אויף זייערע קינדער ניט צוליעב די רעליגיע, נאר כדי די קינדער זאלען וויסען, אז זיי זיינען אידען, באווייזט, אז ניט די רעליגיע, נאר די אידישקייט, דאס זיין א איד, איז דער עיקר; דער צווייטער פאקט, וואס די אסימילאציע לייקענט אב די עקזיסטענץ פון א אידיש פאלק, און האלט זיך ביי דער רעליגיע, באווייזט פון דער צווייטער זייט, כאטש אויף א פארקערטען אופן, אז די רעליגיע מאכט ניט דאס אידישע פאלק. די ערשטע גלויבען, אז דער עיקר איז דאס זיין א איד, און דאס קען געטאן ווע־רען דורך דעם אבהיטען פון דער רעליגיע, אפילו ווען עס פעלט דער גלויבען; די אנדערע גלויבען, אז דאס האלטען פון דער רעליגיע איז ניט קיין באווייז פון צוגעהעריגקייט צו א געוויסען פאלק.

בייטען די רעליגיע, הייסט ניט בייטען דעם אייגענעם איך. א מענש ווערט ניט קיין אנדערער דורך דעם, וואס ער בייט די רעליגיע. מיט דעם וואס די רוימער זיינען איבערגעגאנגען פון היידענטום צום קריסטענטום, זיינען זיי ניט געווארען אוים רוימער; מיט דעם וואס א גרויסער טייל פון די דייטשען האבען איז דעם 15טען יאהרהונדערט אראבגעווארפען פון זיך דעם עול פון קאטאליציזם, און די ענגלענדער האבען געטאן דאסזעלבע אין דעם 16טען יאהרהונדערט, זיינען זיי ניט געווא־רען אויס דייטשען אדער ענגלענדער. פון דער צווייטער זייט,

דאס וואס די פראנצויזען, די פאליאקען, די איירישע, די איטא־ליענער און די שפאניער באלאנגען צו איין רעליגיע, זיינען זיי נאך ניט איין פאלק; ווען די יאפאנעזער זאלען היינט צו טאג אננעמען דאס קריסטענטום, וועלען זיי דאדורך ניט ווערען אויס יאפאנעזער. דאס בייטען פון דער רעליגיע, בייט ניט דאס פאלק, און עס ענדערט ניט דעם איינצעלנעם מענשען.

מען קען מיר ענטפערען: דאס איז אלץ אמת ביי די אומות־העולם, וועלכע זיצען על מכונם און זיינען צוזאמענגעבונדען מיט טויזענד אנדערע פעדים אויסער דער רעליגיע. ביי זיי, וועט מען זאגען, איז די רעליגיע ניט נויטווענדיג זיי זאלען זיך צוזאמענ־האלטען אלס א פאלק, זיי קענען דאדורך בייטען די רעליגיע און דערמיט ניט שעדיגען זייער נאציאנאלעם לעבען, וועהרענד ביי אידען איז אנדערש. פאר די אידען אין גלות, איז די רעלי־גיע דער איינציגער באנד, וואס האלט זיי צוזאמען, און ווער עס רייסט זיך ארויס פון דעם באנד, דער איז מעהר ניט קיין איד.

איך האלט נאך דערוויל ניט ביי דעם פונקט: וואס האט אויפגעהאלטען די אידען אין גלות? צו דעם וועל איך קומען שפעטער. דערווייל וועל איך נור זאגען, אז דיזע מיי־נונג שיינט מיר צו זיין ניט גאנץ ריכטיג. עס איז קיין ספק, אז די רעליגיע האט געהאט א שטארקע ווירקונג; אין דעם אלטערטום האט זי נאך דערצו געהאט איהר פאליטישע באַ־דייטונג. אבער איך קען ניט צושטימען צו דעם געדאנק, אז עס איז געוועזען די אידישע רעליגיע, וואס האט געמאכט און אויפ־געהאלטען דאס אידישע פאלק. מיר שיינט, אז אנשטאט צו זאגען, ווייל די אידישע רעליגיע איז אזא, האט זיך דאס אי־דישע פאלק אויפגעהאלטען, איז א סך ריכטיגער צו זאגען, ווייל דאס אידישע פאלק איז אזא, האט עס אויפגעהאלטען די אי־דישע רעליגיע, דאס פאלק באשאפט די רעליגיע, די רעליגיע קען ניט באשאפען קיין פאלק.

די מיינונג, אז די רעליגיע האט אויפגעהאלטען דאס אידי־שע פאלק אין גלות מוז מען פארווארפען נאך צוליעב אַן־אנ־דערען טעם. דיזער געדאנק פארלייקענט דעם כח פון דעם אידישען פאלק, און שרייבט צו די גאנצע קראפט צו אז אי־

רעע. דיזע מיינונג טראָגט אין זיך דעם באהאלטענעם גע־
ראנק, אַז דאָס אידישע פאָלק וואָלט ניט געקענט עקזיסטירען
אָהן דער רעליגיע, און דאָס געהט להיפוך צו דער ערפאַרונג.
מיט פיעל מעהר זיכערהייט קען מען באהויפּטען, אַז עס איז
געווען דאָס אידישע פאָלק אין גלות, צוליעב די אייגענע אי־
נערליכע כחות, וואָס האָט אויפגעהאלטען די אידישע רעלי־
גיע. עס לאָזט זיך ניט גלויבען, אַז דאָס באשטענדיג־רעבעלי־
רענדע פאָלק וואָלט זיך געהאלטען צוויי טויזענד יאָר ביי
א פארגליווערטע רעליגיע, און וואָלט ניט ארייגגעפירט קיינע
ענדערונגען. ביי אַלע אנדערע פעלקער זיינען געווען פּראָ־
טעסטאַנטען, און ביי אידען וואָלטען זיי אויך ניט געפעלט.
ביז א געוויסען גראַד האָבען זיי ניט געפעלט אפילו אין
גלות. עס איז געווען דאָס אידישע פאָלק, וואָס האָט צוליב
זיין אייגענעם עקזיסטענץ אויפגעהאלטען אָט די רעליגיע. דעם
כח וואָס אנדערע שרייבען צו צו דער רעליגיע, שרייב איך צו
צום פאָלק.

אמת איז, אַז אין געוויסע לענדער, ווי רוסלאַנד, רומעניען
און זאַגאַר דייטשלאַנד, געהט אָן א שמד־באַוועגונג; אָבער אַז
דאָס מיינט, אַז אַזוי פיעל אידען ווערען אויס אידען, דאָס
לייקען איך! איך לייקען ניט, אַז זיי שמד'ען זיך, איך באַ־
הויפּט אָבער, אַז זיי ווערען ניט אויס אידען. דאָס שמד'ען
זיך איז ביי די מענשען נור א מיטעל צו פארבעסערען די איי־
גענע לאַגע, אָדער זיך צו פארשאַפען א קאַריערע, און דיזע
ענדערען ניט דעם כלל. דאָס איז א קלאַס מענשען, וואָס איז
פאַרטיג זיך צו לאָזען מבזה זיין, צו האנדלען געגען דער איי־
גענער נאַטור, זיך אַליין צו פארלייקענען צוליב א קאַריערע.
אַזעלכע געפינען זיך ביי אַלע פעלקער און צווישען אַלע שיכ־
טען. דאָס זיינען שוואַכע מענשען, מענשען אָהן ווירדע און אָהן
א חוט־השדרה, וואָס נוצען זיך גראַד אויס מיט דעם, וואָס
דאָס גאַנצע פאָלק טוט עס ניט. וואָרים ווי וואָלט געווען,
ווען אַלע אידען אין רוסלאַנד זאָלען זיך מיט איינמאָל אויס־
שמד'ען? דאָס שמד'ען זיך וואָלט דאַן זיכער געוואָרען אויס
מיטעל צו א קאַריערע. דאָס באַווייזט דאַדורך, אַז ניט די
רעליגיע האַלט די אידען, נאָר אַז די אידען האַלטען די רעליגיע,

און אז די שוואַכע, די לייכטזיניגע, די פיינע פּאַלען אוועק. מיט דעם אָבער איז אָבער נאָך גאָרניט באַוויזען, אז דיזע שוואַכע זיינען געוואָרען אויס אידען, אז זיי זיינען געוואָרען אויס דאָס, וואָס זיי זיינען געווען.

אין משך פון עטליכע דורות, אמת, וועט אויסקומען, אז די קינדער און קינדס־קינדער פון די גע'שמד'טע וועלען שוין מעהר ניט זיין קיין אידען, ווארים די שמד פיהרט צו געמיש־טע חתונות, און די קומענדע דורות זיינען מעהר ניט קיין אידען. אָבער איך רייד דאָ ניט פון די קומענדע דורות. עס אינטערעסירט מיך וועניג, וואָס ערגעץ־וואו וועט געבוירען ווע־רען אַ האַלבער איך אַנשטאָט אַ גאַנצער, און פון דעם האַלבען איך וועט נאָך שפּעטער ארויסקומען אַ פערטעל איך, א. ז. וו. איך רייד פון דעם געגעבענעם מענשען, פון דעם „איך“ וואָס איז דאָ היינט, און עס איז זיכער, אז דער היינטיגער „איך“ קען ניט ווערען אויס דאָס וואָס ער איז, דורך דעם, וואָס ער שמד'ט זיך.

נאָך שטאַרקער, נאָך בולט'ער קומט ארויס דער פּונקט, ווען מיר געהען איבער צו אַזאַ לאַנד, ווי אַמעריקאַ. מיט וואָס וואָלט איך זיך, למשל, געענדערט, ווען איך, דאָ אין אַמעריקאַ, זאָל זיך שמד'ען? אז קיינער פרעגט מיך סיי־ווי־סיי ניט אויף מיין רעליגיע; אז עס איז קיינעמס דאגה צו איך געה אין שול, צו אין קירכע, צו איך זיץ גאָר אין דער היים? שמד'ט זיך טאַקע קיינער ניט אין אַמעריקאַ. און עס האָט שוין פּאַסירט, אז איינינגע וואָס זיינען געווען גע'שמד'ט אין רוסלאַנד צוליעב זייער קאַריערע, האָבען דאָ אין אַמעריקאַ אינ־גאַנצען פאַרגעסען זייער פּראַוואָסלאַוונעם יחוס און האָבען זיך צוריק אויסגעמישט מיט די אידען, ווי עס איז געווען אין זייער נאַטור צו טאָן.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען, ווען אַלע אידען וואָס וואוינען אין די „גהעטאָס“ פון ניו יאָרק, פילאַדעלפיאַ, באָסטאָן אָדער שי־קאַגאָ זאָלען זיך אין איין טאָג אויס'שמד'ען, זיי זאָלען אָבער צו דערזעלבער צייט ניט בייטען זייער לעבענס־אָרט, זייער שפּראַך, זייערע צייטונגען, טעאַטערע, א. ז. וו. — זיי וואָל־טען געבליבען די זעלבע אָבגעזונדערטע ערה ווי זיי זיינען־

אַז אבגעזונדערטע עדה — צו זיי האַלטען זיך אַן דער אידישער, אַן דער קריסטליכער, צו גאָר אָהן אַ רעליגיע.

איך קום אַלזאָ ווידער צו דעם כּל: ווען איך בין אַ איד, מוז איך בלייבען אַ איד.

און דאָ מאַך איך נאָך אַ טריט:

ניט נאָר, זאָג איך, מוז איך בלייבען אַ איד; איך זאָג, איך וויל בלייבען אַ איד, אפילו ווען איך וואָלט ניט געמוזט. איך וויל ניט ווערען אויס איד! איך קען ניט געפינען קיין טעם וואָרום איך זאָל זיך אַליין ניט געפעלען, וואָרום איך זאָל וועלען ווערען עטוואָס אַנדערש ווי דאָס, וואָס איך בין. און דערביי דאַרף איך זיך גאָרניט וועלען פאַרגלייכען אין יחוס; איך דאַרף גאָרניט באַווייזען, אַז „אבות אבותינו" זיינען געווען שענערע מענשען, איך הויב אָן מיין יחוס פון זיך אַליין, און איך זאָג: איך בין פונקט אַזוי גוט ווי יעדער איינער, און ווען איך בין ניט בעסער, בין איך אָבער ניט ער־גער. דאָס שליסט ניט אויס, אַז איך דאַרף און קען זיך ענט־וויקלען, אויסבעסערען. דאָס מוז אָבער געשעהן לויט די גרע־נעצען פון מיין אייגענער נאַטור. איך דאַרף זיך ניט בייטען. דאָס קען איך ניט און דאָס וויל איך ניט.

ביי די אַלט־מאָדישע אידען איז דאָס זיין אַ איד געווען אַ זעלבסט־צוועק. צו די מאָטיוען זיינען געווען ריין־רעליגיעזע, צו זיי זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון פאַרפאָלגונגען, — דאָס זיין אַ איד איז געווען דער צוועק. מיט דעם זיינען פאַרענט־פערט געוואָרען אַלע קשיות. אין די נייערע צייט, איז דאָס אידישקייט ביי אַ טייל געוואָרען אַ מיטעל, אַנשטאָט אַ צוועק; עס איז געוואָרען אַ מיטעל צו קולטור, אַ מיטעל צו פּראָלע־טאַריזאַציע; עס איז געוואָרען אַ מיטעל פון איין זייט, און אַ צוועק פון דער צווייטער זייט.

מיט דיזע אַלע פראַגען וועל איך זיך שפּעטער באַשעפטי־גען. דערווייל וויל איך זאָגען, אַז ביי מיר איז צו זיין אַ איד ניט קיין מיטעל און ניט קיין צוועק. עס איז אַ צושטאַנד, אַ קאָנדיציע, פון וועלכער איך קען זיך ניט באַפרייען און, ווי געזאָגט, איך וויל זיך ניט באַפרייען.

ביי מיר איז דאָס, אַלזאָ, ניט דער סוף, נאָר דער אָנהויב

פון א רייהע שווערע פראבלעמען, פראבלעמען — וועלכע, איך האב מורא, קענען שווער געלעזט ווערען. דער אונטערשיעד פון מיר ביז די אנדערע איז דער: זיי האבען פראבלעמען, פון דיזע פראבלעמען קומען זיי צו אידישקייט; איך האב אידישקייט, און פון דיזע אידישקייט קום איך צו פראבלעמען. ביי זיי איז די פארמולא: פראבלעמען — אידישקייט; ביי מיר איז עס: אידישקייט — פראבלעמען.

# אַין אַ פאַר'כשופ'טען קרייז*)

(אַ פראַגמענט).

איך האב אוועקגעשטעלט דעם כלל: איך בין געבוירען געווארען אַ איד, און איך מוז בלייבען אַ איד.

איצט שטעלט זיך די פראגע: וואס הייסט איך בין געבוירען געווארען אַ איד? וואס איז דאס אזעלכעס נאטירליך אידישעס אין מיר, וואס קען בשום־אופן ניט פארענדערט ווערען? איז ווירקליך דא אזא גרויסער אונטערשיעד צווישען מיר און דעם ניט־אידען? און איז דער אונטערשיעד, אויב ער איז פאראן, אַ נאטירליכער, אַ איינגעבוירענער, וואס קען ניט אויסגעווארצעלט ווערען?

ווען אַ נעגער מאכט די באהויפטונג: צו ווערען אַ ווייסער איז להיפוך פון מיין נאטור, איז די זאך פארשטענדליך. דער אונטערשיעד צווישען איהם און דעם ווייסען איז אַ פיזיקאלישער, ער ליגט אין דעם בלוט, ער איז בולט און קען ניט פארלייקענט ווערען. דער שווארצער פון געבורט קען בשום־אופן ניט ווערען אַ ווייסער.

אזא אונטערשיעד צווישען מיר און דעם ניט־אידען איז ניטא.

אמת, מיר האבען אַ ראסען־טעאריע, וואס ווערט אזוי שטארק פארטיידיגט פון די וויסענשאפטליכע אנטיסעמיטען, וועלכע באהויפטעט, אז אין אונזערע אדערען רינט ווירקליך אנדערע בלוט.

*) ערשיינט צום ערשטען מאל.

איך בין ניט קאָמפּעטענט זיך צו פאַרשפּרייטען איבער דיי־זער טעאָריע, — זי צו באַשטעטיגען אָדער אָבצולייקענען. איך וויל איבערהויפּט ניט אַריינלאָזען זיך אין וויסענשאַפּטליכע וכוחים. פון זיך, פון מיינע אייגענע באַדערפניסען און ליידען, פון מיין אייגענעם שטרעבען און האָפען, וויל איך געפינען אַן ענטפער אויף מיינע ספיקות.

איך האָב מורא, אַז דאָס וועט זיך מיר ניט איינגעבען, אָבער דאָס מיינט ניט, אַז איך דאַרף ניט זוכען.

אין די ראַסען־טעאָריע וויל איך זיך, אַלזאָ, ניט אַריינלאָזען. אָבער דער שכל־הישר שטעלט זיך דאָ אָב.

ווען די ראַסען־טעאָריע זאָל אפילו זיין אמת, וועט זי מיך פון מיינע שוועריגקייטען ניט אַרויסנעמען.

וואָרים דיזע טעאָריע לערנט אונז ניט, אַז די אידען זיינען אַן אייגענאַרטיגע ראַסע, איינגעשלאָסען אין זיך און אויסגעשלאָסען פון אַלע איבעריגע. לויט די ראַסען־טעאָריע באַלאַנגען די אידען צו דער סעמיטישער ראַסע, וועלכע נעמט אין זיך אַריין פילע אַנדערע פעלקער.

ראַסען און נאַציאָנען האָבען ניט נויטווענדיג קיין שייכות צווישען זיך. ראַסען זיינען נאָר דאָ עטליכע, פעלקער — פילע. יעדע ראַסע באַשטעהט פון פילע פעלקער, און מאַנכע פעלקער נעמען אין זיך אַריין מעהר ווי איין ראַסע, וואָס דאָס דאַרף מען ניט באַווייזען.

די ראַסע־טעאָריע וועט מיר ניט העלפען. וואָרים ניט נור וויל איך זיך ניט פאַרמישען מיט די פעלקער פון פרעמדע ראַסען, איך וויל אויך ניט באַלאַנגען צו קיינע פון די פעלקער פון מיין אייגענער, סעמיטישער ראַסע.

מוז מען קומען צו דעם געדאַנק, אַז דער חילוק צווישען איד און ניט־איד איז ניט קיין פיזיקאַלישער, נאָר אַ פּסיכישער. דאָס דענקען, דאָס פיהלען, דאָס באַגרייפען און אויפפאַסען פון זאַכען מוז ביי אידען זיין אַנדערש ווי דעם ניט־אידען. שטעלט זיך ווידער די פראַגע: איז די אידישע פּסיכיק ווירקליך אַזעלכע, וואָס אונטערשיידעט זיך אַבסאָלוט פון דער ניט־אידישער?

מיט אַנדערע ווערטער: אויב עס איז דאָ אַזאַ אונטער־

שיער צווישען דעם איד און דעם ניט־איד, איז דיזער אונ־טערשיעד א נאטירליכער, ארגאניש פארבונדען מיט דעם אידען?

איזווירקליך דא א פינטעלע איד?

נאך פילען ערנסטען דענקען און זוכען, האב איך דיזען חילוק ניט געקענט באמערקען. עס איז דא א חילוק, אבער די־זער איז אן אונטערשיעד אין געוואוינהייטען, זיטען, מאניערען, אין דעם ארט צוזאמענלעבען, דאס הייסט, דער חילוק איז א סאציאלער, ניט קיין אינדיווידועלער. אויף וויפיעל דאס צו־זאמענלעבען ווירקט אויף דער מענשליכער נשמה, אויף אזוי פיל איז ווירקליך דא א חילוק, אבער דיזער, זייענדיג א רע־זולטאט פון דער סביבה, קען זיך ענדערען מיט דער ענדערונג פון דער סביבה.

מען רעדט היינט פון אידישע עקאנאמיקע, עפעס ווי דאס אידיש־עקאנאמישע צוזאמענלעבען, איז סאמע מיטען פון דעם אלגעמיינעם עקאנאמישען לעבען פון די פעלקער, צווישען וועל־כע זיי וואוינען, וואלט געווען א זאך וואס איז אבהענגיג פון דעם אידען, און איז דאורך אן אויסדרוק פון דער אידישער איינגעבוירענער אייגענארט. דאס איז צו אבסורד, מען זאל זיך אויף דעם אביטשטעלען.

די אידישע רעליגיע, דאכט זיך, אונטערשיידעט זיך פון אלע רעליגיעס. דאס קען מען אבער אויך ניט נעמען פאר קיין באוויין. די אידישע רעליגיע איז אנדערש נור אין איהר אויסערליכקייט, אין געוויסע באגריפען וועגען די געטליכקייט. אלס א קולטור־ווערטה, אלס מאראל־לעהרע און זיטען־בויער אונטערשיידעט זיך די אידישע רעליגיע אין קיין פרט ניט פון די אנדערע רעליגיעס.

נעמט אן אמת רעליגיעזען אידען און אן אמת רעליגיע־זען קאטאליק. פארגעסט די חלוקי־דעות; פארגעסט, אויב איהר קענט, די פארפאלגונג, די צרות, די אכזריות וואס דער איד אין זיין היסטאריע האט געליטען פון דעם קאטאליק; לעגט אוועק דעם נעגענזייטיגען האס, נעמט די צוויי פער־זענליכקייטען און באטראכט זיי אלס איינצעלנע מענשען, מיט דעם צוועק אויסצוגעפינען וועלכע ווירקונג די רעליגיע פון

יעדען איינעם האט אויף איהם געהאט אלס מאראלע פערזענ־ליכקייט; ווי זי האט באאיינפלוסט זיין וועלט־אנשויאונג, זיין באנעהמונג צו זיינע מיט־מענשען, זיין אורטייל איבער דער וועלט, זיינע ערוואַרטונגען און האפנונגען — איהר וועט דאן אויסגעפינען, אז דיזער פסיכישער אונטערשיעד עקזיסטירט ניט.

דער רעליגיעזער איד האט דאס לייכט, ביי איהם איז אידישקייט — רעליגיעזיטעט. צו זיין א איד הייסט ביי איהם, אבצוהיטען די אידישע רעליגיע. די רעליגיע פארענטפערט איהם אלע קשיות און ספקות, און זי מאכט איהם אויך לייכט דיזע פראבלעם. ניט אזוי לייכט איז דאס פאר א אידען, וואס האט זיך אבגעזאגט פון א רעליגיע מיט א פערזענליכען גאט; א איד, ביי וועמען רעליגיע איז אן אינערליכעס באוואוסטזיין פון א שייכות צווישען זיין קליינליכען, באשרענקטען און ענד־ליכען „איך״ און די אונבאשרענקטקייט און אונענדליכקייט פון דעם אוניווערזום; א רעליגיע וואס קומט פון דעם טיעפען אינערען, וואס פארשאפט א באוואוסטזיין פון שפלות און רויבט די האפנונג אויף אן אייביגען פערזענליכען לעבען, וועלכע די פערזענליכע רעליגיע פארזיכערט צו די, וואס געהען אין איהרע וועגען — אזא איד מיט אזא רעליגיע קען די זאך ניט אזוי לייכט פארענטפערען.

דאס באוואוסטזיין, דאס שטרעבען, די איינגעשפארטקייט צו זיין און צו בלייבען א איד איז דא. דער פארוואס פעלט.

נאך מער: דיזער פאקט אליין איבערצייגט נאך שטאר־קער, אז די עקשנות און די פעסטקייט צו בלייבען א איד קומט ניט פון דער רעליגיע. וואלט עס געווען די רעליגיע, וואלט מיין פראגע שוין לאנג געווען פארענטפערט· פונקט ווי דער רעליגיעזער איד באשליסט צו זיין א איד צוליב זיין רעליגיע, וואלט איך אויפגעגעבען מיין אידישקייט דעמאלט, ווען איך האב פערלוירען די פערזענליכע רעליגיע.

ווען איך האב די רעליגיע אויפגעגעבען און האלט זיך אזוי שטארק אן אן דעם אידישקייט, איז דאס א סימן, אז עס איז דא עפעס אנדערש, א חוץ רעליגיע, וואס האלט מיך גע־בונדען צו דעם יודענטום.

אט דעם תמצית פון דיזען עפּעס אנדערש וויל איך אויס־נעפינען.

קומען אנדערע און זאגען: פארפאלגונג!

די געמיינשאפטליכע צרות און פארפאלגונגען, וואס די אי־דען האבען געהאט אויסצושטעהן האט זיי געמאכט, זיי זאלען זיך האלטען צוזאמען, און צו זיין אנדערש ווי די אנדערע.

אויך אין ד'עם שטעקט א שטיק אמת, און אויך דא שטימט ניט איין דער שכל־הישר.

דיזער געדאנק, אויב ער איז אמת, מיינט ער אזוי: די אידען זיינען געבליבען אידען, ווייל מען האט זיי פארפאלגט. וואלט מען זיי ניט גע'רודפ'ט, וואלטען זיי אודאי זיך ניט געקענט האלטען אזא לאנגע צייט. פארוואס האט מען זיי פארפאלגט? ווייל זיי זיינען געוועזן אידען.

קומט אויס: די אידען זיינען אידען, ווייל מען האט זיי פארפאלגט, און מען האט זיי פארפאלגט, ווייל זיי זיינען אידען.

וועלכעס איז געקומען פריהער: די פארפאלגונג, צו די אידישקייט?

דער תירוץ אויף דער קשיא ליגט פון אויבען־אויף: די אידישקייט איז געקומען פריהער. דער וואונדער איז, וואס די אידען זיינען געבליבען אידען, די רדיפות אויף־צו־להכעים.

די אידישקייט איז אזוי ארום א רעזולטאט ניט פון די רדיפות. עס מוז זיין א רעזולטאט פון אנאנדער זאך.

וואס איז די אנדער זאך?

וואס איז דער תמצית פון אידישקייט?

אזוי דרעה איך זיך ארום אין פאר'כשופ'טען צירקעל, פון וועלכען איך קען ניט ארויסקומען.

---

איינינע פראקטישע מענשען וועלען אודאי דענקען, אז איך האב ניט מעהר וואס צו טאן, דרעה איך זיך א קאפ מיט פוסטע זאכען.

וואס מאכט עס אויס, וועלען זיי קלערען, פאר וואס א איד איז א איד? זאל זיין צוליב דעם, זאל זיין צוליב יענעם.

א איד איז א איד!

וואָס מיר זיינען, זיינען מיר,

אָבער אידען זיינען מיר.

דאָס איז א טעות. די פראַגען זיינען גאָרניט אַזוי אוני־פּראַקטיש. מיט זיי איז פאַרבונדען די טעטיגקייט פון אַלע אידען.

דער אמת איז, אַז אַלע אידען, וואָס באַשעפטיגען זיך מיט דער לעזונג פון דעם אידישען פּראָבלעם שטעלען די פראַגען, באַוואוסט אָדער אונבאַוואוסט.

א סך פון די אַמאָליגע אפיקורסים האָבען זיך צוריקגעקער־מען צו די אַמאָליגע רעליגיעזע צערעמאָניעס; אַנדערע, וואָס קענען די אַלטע מנהגים ניט אָראָבשלינגען, זוכען צוצושעפען א פּאָעטישען ווידערגעבורט צו דער רעליגיע.

אַנדערע זאָגען: קולטור.

אידישע קולטור!

קולטור אין אידיש, קולטור אין העברעאיש, אָדער גאָר א מרכז־רוחני.

זיי אַלע פרעגען דיזעלבע פראַגע, און יעדער איינער פאַר־ענטפערט זי אויף אַן אַנדער אופן.

מיט דיזע לעזונגען קען איך ניט איינשטימען. דערפאַר דרעה איך זיך אַרום אין דעם פאַר'כשופ'טען קרייז, פון וועל־כען איך קען ניט אַרויס.

# דאָס רעכט אויף אונוויסענהייט און פאַר־דאַרבענהייט *)

(צו שלום אש'ס „גאָט פון נקמה".)

ווען איינער זאָל מיך פרעגען, וועלכע פאָדערונג דאַרפען די אידען צו ערשט ארויסשטעלען, וואָלט איך געזאָגט: „דאָס רעכט אויף אונוויסענהייט און פאַרדאַרבענהייט".

ווי קאָמיש, ווי משונה ווילד אזא פאָדערונג זאָל ניט אויס־זעהן אויף דעם ערשטען בליק, איז פונדעסטוועגען ניט אי־בערטריבען צו זאָגען, דאָס אידען וועלען נור דאַן זיין פריי און מיט אַלע מענשען גלייך, ווען זיי וועלען האָבען ערוואָר־בען דאָס רעכט אויף אונוויסענהייט און פאַרדאַרבענהייט.

„אַ אידיש קינד דאַרף זיך אויסצייכנען אין סקול, אַ איד דאַרף האַנדלען ארענטליכער ווי אַנאַנדערער, אַ איד טאָר ניט פאַררייסען דעם קאָפּ, דאַרף ניט אויפרייסען די אויגען, טאָר ניט זיין שטאָלץ... טאָר ניט און דאַרף ניט, דאַרף ניט און טאָר ניט א. ז. וו., א. ז. וו."

וועלכער איד האָט ניט געהערט דיזע דרשה פון זיין טאַ־טען, פון זיין מאַמען, פון זיין רבי'ן, פון זיין לעהרער, פון זיין מגיד, פון זיין רב, פון זיין פריינד און זיין פאַרזאָרגער?

טויזענד מאָל האָט ער געהערט דיזע דרשה און אויף טוי־זענד אופנים האָט ער דאָס געהערט. צו דער בעל דרשה איז געוועזן אַ פרומער איד, צו אַן אפיקורס, אַן אסימילאַטאָר, אָדער אַ נאַציאָנאַליסט, אַ סאָציאַליסט אָדער אַ ציוניסט — יעדער אויף זיין שטייגער איז געקומען צו דעם זעלבען שלום: אַ איד דאַרף זיין אַנדערש ווי אַנדערע — און בעסער פון אַלע.

*) ערשינען אין „פאָרווערטס" דעם 28טען אָקטאָבער, 1906

איך ווייס ניט פארוואס, איך ווייס ניט ווי אזוי, ניט לאנג צוריק איז מיר איינגעפאלען צו האלטען די אלטע, אלטע דרשה צו מיין 12 יעהריגען אינגעל. איך האב איהם גענומען זאגען, אז ער דארף זיין דער בעסטער אין סקול, ער דארף זיך אויס־צייכנען מיט זיין גייסט, מיט עקסטרא קענטנים, מיט... מיט... איך האב די דרשה ניט געענדיגט. א געדאנק האט מיך גענו־מען פארפאלגען. מיין נשמה האט מיט אמאל גענומען רעוואל־טירען. ווארום מוז זיך מיין אינגעלע אויסצייכנען? האב איך זיך געפרעגט: ווארום מעג טשארלי און דזשאהן און טאם, און ווי זיי אלע הייסען דארט — ווארום מעג יעדער פון זיי זיין א גראבער יונג און מיין אינגעל מוז זיך אויסצייכנען? ווארום האט ער ניט קיין רעכט צו לעבען ווי גאט האט איהם באשא־פען, אדער ווי די אומשטעגדען האבען איהם געמאדולירט? ווארום האבען זיי א רעכט אויף אונוויסענהייט? ווארום הא־בען מיר ניט דאס זעלבע רעכט?

ווען איך האב דא געזעהן די מהומה וואס די זעלבסט־גע־מאכטע, גוט באצאלטע שומרים פון אידישען פאלק האבען אויפגעהויבען וועגען שלום אש'ס „גאט פון נקמה“, האב איך געפרעגט דיזעלבע פראגע אביסעל אנדערש. ווארום מוז איך ליידען נור דערפאר, וואס מיסטער טשאפטשאווימש, וועלכער האלט אז אונאנשטענדיגע הייזעל, הייסט יענקיל און איך היים אויך יענקיל? ווארום ליידט ניט איוואן אדער טאם דער ארענט־ליכער מאז, ווייל אנאנדער איוואן אדער טאם איז אן אויס־וואורף? ווארום מוז א איך נור זיין א גאון אדער א מלאך? ווארום האבען מיר ניט קיין רעכט אויף פארדארבענהייט?

דאס רעכט אויף אינוויסענהייט און פארדארבענהייט — ווי קאמיש דאס זאל ניט קלינגען, איז אין אמת'ן ניט מעהר ווי דאס רעכט צו לעבען ווי א מענש, צו זיין פאראנטווארטליך נור פאר די אייגענע חטאים, דאס רעכט ניט צו ליידען פאר יענעמ'ס עולות, ניט צו זיין געצוואונגען צו זיין א מלאך אדער א גאון, און שליסליך דאס רעכט מיט מוטה און שטאלץ אויפ־צודעקען דעם שמוץ און פון זיך אבצוווארפען די לומפען וואס געפינען זיך אין די אייגענע מיטע. ווי לאנג זיי ווע־לען ניט קענען טייטלען מיט די פינגער אויף יענקיל טשאפ־

טשאַוויטש און ניט מוזען מורא האָבען אַליין צו ווערען גע־האַלטען פאַר טשאַפּטשאַוויטשעס, אַזוי לאַנג ווען אידען ניט האָבען קיינע גלייכע רעכטע...

* * *

דיזעס רעכט דאַרפען מיר פאַר אַלעם אויסקעמפפען ביי די אידען זעלבסט. עס זיינען די אידען וואָס האַלטען פון דעם כלל: „כל ישראל ערבים“. עס זיינען די אידען וואָס פערבּיטען אויפצודעקען די געשווירען פון דעם אידישען קערפּער. אַ איד דאַרף מען נור אַרויסשטעלען אין די שבת׳דיגע קאַפּאָטע, אין שטריימעל און זשופּיצע. ביי אידען טאָרען קיין לומפּען ניט זיין. אַ איד האָט קיין רעכט אויף פאַרדאַרבענהייט, אַ איד מוז זיין אַ פיינער מאַן — דער פיינסטער מאַן.

מיר זיינען דאָך אָבער מענשען ווי אַלע אַנדערע, מיר לעבען דאָך אונטער דיזעלבע אומשטענדען וואָס אַלע אַנדערע, און נאַטירליך איז דאָך ביי אונז דאָ אַ געוויסער פּראָצענט פאַר־דאָרבענע מענשען, — מוזען מיר דאָס אָראָפּשלינגען, פאַרשוויי־גען, פאַרדעקען און פאַרגלעטען. אַזוי פאָדערען די אידען. דער וואָס טהוט אַנדערש, דער איז אַ עוכר ישראל, אַ אַנטיסעמיט, אַ פאַררעטער צו זיין אייגען פאָלק.

עס איז ניט שווער צו באַגרייפען פון וואַנען דאָס נעמט זיך. עס איז דער שוואַכער, דער אונטערטעניגער, דער פאַרפאָלגטער, וואָס זוכט נושא חן צו זיין, וואָס זוכט אַלע מאָל צו באַווייזען, אַז ער איז גוט און פרום. דאָס איז די אמת׳ע „גלות פּסיכאָלאָגיע“, ווי אַ ציוניסט־סאָציאַליסט וואָלט זאָגען. און פון דיזען מוזען מיר זיך באַפרייען, געגען דיזען מוזען מיר פּראָטעסטירען. מיר מוזען פאַרלאַנגען אונזער רעכט אויף פאַרדאַרבענהייט. מיט אַנדערע ווערטער: מיר מוזען פאַר אַלעם באַשטעהן אויף אונזער רעכט ניט צו זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר די אויסווירפע וואָס געפינען זיך צווישען אונז. און דאָס קענען מיר נור טהון ווען מיר ווען מוטהיג און שטאָלץ, ערנסט און מיט ווירדע אַליין אויפדעקען די געשווירען וואָס געפינען זיך אויף אונזער קער־פּער. דאָס וועט זיין אַ ווירדיגע און מאַנהאַפטע ערקלערונג

צו דער וועלט. יענקיל טשאַפּטשאַוויטש איז יענקיל טשאַפּטשאַ־וויטש און איך בין — איך! מיר זיינען קיינע מחותנים און מיר זיינען נים פאַראַנטוואָרטליך איינער פאַר דעם אַנדערן, ער געניסט נים מיין זכות, איך לייד נים פאַר זיינע לומפּעריי.

דיזעס רעכט פאָדער איך פאַר זיך אַלס איד, אַלס אידישער שרייבער!

דיזע פאָדערונג שטעל איך צו אַלע אידישע שרייבער, צו אַלע אידישע קינסטלער.

דיזע פאָדערונג דאַרף זיין דער ערשטער אני מאמין פון יעדען איד.

# גלות און רעליגיע*)

די מיינונג איז שטארק פארברייטעט, אז די אידישע רע־ליגיע איז געווען און איז ביז היינטיגען טאָג דער הויפּט־פאַק־טאָר, וועלכער האָט געהאָלפען דעם אידישען פאָלק זיך צו דער־האַלטען אין גלות.

מיט אנדערע ווערטער: ווען די אידען זיינען פארטריבען געוואָרען פון זייער לאַנד, האָבען זיי פון דערהיים מיטגענומען זייער תורה און זייער רעליגיע, און די צוויי זאַכען האָבען גורם געווען, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך דערהאַלטען אין דעם לאַנג־יעהריגען גלות. וואָלטען די אידען ניט געהאַט זייער רע־ליגיע, וואָלט פון זיי אודאי קיין שריד ופליט ניט געבליבען.

איגנאָנצען אבלייקענען קען מען דאָס ניט.

די אידישע רעליגיע האָט בלי־ספק געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם פאָלקס לעבען און האָט זעהר פיל מיטגעהאָלפען צו דער דערהאַלטונג פון דעם אידישען פאָלק.

ניט מער, די זאַך איז געווען פאַרקערט. ניט די רעליגיע האָט אויפגעהאַלטען דאָס פאָלק, נאָר דאָס פאָלק האָט אויפ־געהאַלטען די רעליגיע.

דאָס איז דער גרויסער אונטערשיעד.

די רעליגיע איז געווען דאָס מיטעל, ניט דער צוועק.

דאָס אידישע פאָלק, אין זיין שטרעבען צו בלייבען לעבען אַלס אַ פאָלק, האָט זיך באַנוצט מיט דער רעליגיע אַלס איינעם

*) ערשינען אין דער „צוקונפט" פון סעפּטעמבער, 1905 אין פאַרבינדונג מיט אַנדערער סעריע. מיר דרוקען דאָס אַרטיקעל אי־בער אַביסעל פאַרענדערט.

פון די מיטלען אין דעם קאמפף פאר קיום האומה. די רעליגיע איז געווען דער צעמענט, וועלכער האט צוזאמענגעהאלטען די פארשיעדענע טיילען פון דעם פאלק, זיי זאלען זיך ניט צו־פאלען.

עס איז ווערטה צו באמערקען, אז גראד ווען די אידען זיינען געזעסען על מכונם, האבען זיי אפט פארגעסען און פער־נאכלעסיגט די אייגענע רעליגיע. די גאנצע אידישע היסטא־ריע, ווי מיר קענען איהר פון דעם תנ״ך, איז איין גרויסער קאמף צווישען דער אידישער רעליגיע און די געצענדינעריי פון די אנדערע פעלקער. „ויעש הרע בעיני יהוה“, איז דער פסוק וואס ווידערהאלט זיך אם מייסטען אין דעם תנ״ך. אבער און ווידער האבען זיך די אידען אבגעקערט פון זייער גאט, און האבען געדינט צו די אבגעטען פון זייערע שכנים; אבער און ווידער הערען מיר דאס דונערען פון די נביאים געגען די געצענדינעריי, דערמאנענדיג די אידען אן דעם גאט, וואס האט זיי ארויסגעצויגען פון מצרים; וואס האט פאר זיי געשפאלטען דעם ים סוף, זיי געשפייזט אין דער מדבר מיט מן; וואס האט פאר זיי מלחמה געהאלטען מיט די שונאים; וואס האט זיי געגעבען די תורה און זיי אריינגעבראכט אין דעם ארץ זבת חלב ודבש, און אבער און ווידער האבען די אידען דאס פארגעסען. דאס מוסר'ן פון די נביאים האט ניט געהאלפען. ווי מוסר'ן העלפט קיינעם קיינמאל ניט. זייערע מלכים האבען ליבערשט זיך באנוצט מיט דיפלאמאטישע מיטלען פון יענער צייט, האבען זיך מתחתן געווען מיט די מלכים פון די אנדערע פעלקער, האבען געשפילט געהיימע דיפלאמאטיע, האבען גע־דינט זייערע געטער א. א. וו. ערשט ווען דיזע אלע זאכען האבען ניט געהאלפען, אדער ווען די דיפלאמאטיע האט זיך ניט איינגעגעבען, האבען זיי זיך דערמאנט אן דעם אלטען גאט יהוה.

עס וועט אונז פיהרען צו ווייט צו וועלען באווייזען דיזע באהויפטונג אויספירליך. מיר וועלען דערביי זיך באגנוגען מיט ווארפען א שנעלען בליק אויף דעם וויכטיגסטען עפיזאד פון דער אידישער געשיכטע, נאכפאלגענדיג דעם תנ״ך און די פארשונגען פון עדווארד מייער.

מיר וועלען אנהויבען מיט דעם מלך יהויקים, אין וועמעס צייטען עס הויבט זיך אן די אידישע טראגעדיע.

* * *

דער קעניג פון מצרים, פרעה נכה, האט גענומען אין פלען דעם מלך יהואחז, האט איהם געשמידט אין קייטען און איהם אוועקגעפיהרט קיין מצרים, וואו ער איז געשטארבען א קורצע צייט נאך דעם.

אויף דעם טראן פון יהואחז האט פרעה נכה ארויפגעזעצט יהויקים, און אויף דעם אידישען לאנד האט ער ארויפגעלעגט א שווערע שטראף פון גאלד און זילבער.

יהויקים, וועלכער איז געווען מלך פון פרעה נכה'ס גנאדען, האט ארויפגעלעגט א טאקסע אויף דעם פאלק און האט פינקטליך איבערגעשיקט דאס גאלד און זילבער קיין מצרים.

צו יענער צייט איז די עגיפטישע אימפעריע געפאלען, און איהר פלאץ האט פארנומען די כאלדעאישע אימפעריע.

יהויקים האט שנעל געענדערט זיין דיפלאמאטיע און האט זיך איבערגעגעבען צו נבוכדנצר, דעם מלך פון בבל.

דריי יאהר לאנג האט יהויקים טריי געדינט נבוכדנאצר'ן. נאכדעם האט ער רעבעלירט.

נבוכדנצר איז דאן געקומען מיט א גרויסע ארמעע און האט באלאגערט ירושלים.

דערוויל איז יהויקים געשטארבען און אויף דעם טראן איז באשטיגען זיין זון יהויכין.

דער קאמפף איז געווען א שווערער און א ביטערער, אבער נבוכנאצר איז ענדליך אריין אין ירושלים.

און ער האט פארנומען אלע אוצרות פון גאט'ס הויז, אין די אוצרות פון דעם קעניג'ס פאלאץ, און ער האט צובראכען אין שטיקער די גאלדענע כלים, וואס שלמה האט געלאזט מאכען אין דעם בית המקדש... און ער האט אוועקגעפירט גאנץ ירושלים, און אלע פרינצען, און אלע העלדען, צעהן טויזענד געפאנגענע, און אלע בעלי מלאכות און די שמידען; קיינער איז ניט געבליבען, אויסער די ארימסטע פון די ארימע.

און ער האט אוועקגעפירט קיין בבל יהויכין און דעם קעניג'ס מוטער, און דעם קעניג'ס ווייבער, און זיינע אפיצירען, און די

שענסטע באַלעבאַטים פון דעם לאַנד האָט ער אַוועקגעפירט פון ירושלים קיין בבל...

און דער קעניג פון בבל האָט גענומען זיין פעטער מתניה, האָט איהם געמאַכט פאַר מלך, און איהם אַ נאָמען געגעבען צדקיהו.

אין אַ צייט ארום האט אויך צדקיהו זיך צובונטעוועט גע־גען בבל.

דאן איז נבוכדנצר ווידער געקומען מיט א גרויסע מחנה, האט ווידער באלאגערט די שטאט און האט איהר ווידער באזיגט, נאך א לאנגע, שווערע און ביטערע קאמף.

צדקיהו'ס קינדער האט ער געקוילעט פאר זיינע אויגען, איהם האט ער אויסגעשטאכען די אויגען און אין קייטען אוועק־געפירט קיין בבל.

דאן איז געקומען דער טיראן נבוזראדן און האט פערענדיגט די ארבייט. ער האט פארברענט דעם בית המקדש, דעם קעניג־ליכען פאלאץ, און אלע איבעריגע הייזער אין איין גרויסער שרפה, און האט ארונטערגעריסען די מויערען וואס האבען באשיצט ירושלים. ער האט זיך פארנומען דאס גאנצע רייכ־טום פון ירושלים און האט פארטריבען דאס איבעריגע פאלק קיין בבל, איבערלאזענדיג נאר די גאנץ ארימסטע, צו היטען די פעלדער און די וויינגערטנער.

אויף די איבעריגע, וואס זיינען פארבליבען, האט ער ארויפ־געזעצט גדליה אלס אויפזעהער, אדער גובערנאטאר.

גדליה, ווי עס שיינט, איז געווען א געטרייער דינער פון נבוכדנצר, און אין ירושלים זיינען נאך אלץ געבליבען עטליכע רעוואלוציאנערען.

אין איין שעהנעם טאג איז געקומען ישמעאל בן נתניה בן אלישמע פון די קעניגליכע פאמיליע (מזרע המלוכה) מיט נאך צען מאן און האבען אומגעבראכט גדליה'ן.

אויס מורא פאר דעם צארן פון די כאלדעער זיינען די איבעריגע אידען אנטלאפען קיין מצרים. (מלכים ב', כ"ד, כ"ה).

אזוי איז דאס גאנצע לאנד געווארען פארוויסט. די וויינ־גערטנער, די פעלדער און דאס אקערלאנד זיינען געווען פארלא־זען און וויסט. די אידען אין גלות זיינען אויך מייסטענס פארארימט געווארען, מיטנעמענדיג נור דאס, וואס זיי האבען

געקענט דערשלעפּען. די שכנים, וואָס האָבען געוואוינט אַרום די אידען, האָבען זיך מיט דיזען צושטאַנד באַנוצט און האָבען זיך ביסלעכווייז באַזעצט אין די אידישע שטעט און פאַרנומען די אידישע מאַיאָנטקעס.

פינסטער און ביטער איז געווען דאָס אידישע שיקזאַל: פאַרטריבען אין אַ פרעמדער לאַנד, אָהן מיטעל צום לעבען און אָהן וועלכע עס איז האָפנונג אַרויסצוקומען פון גלות: די כאַלדעער מלוכה איז געווען מעכטיג, און די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון די אידען איינגאַנצען געבראָכען. זיי האָבען געהאַט, אמת, דעם צוזאָג פון די נביאים, אַז זייער גאָט יהוה וועט זיך איבער זיי דערבאַרימען און וועט זיי אויסלעזען, אָבער ווי אַזוי דאָס וועט קומען, האָבען זיי ניט געקענט איינזעהן.

ווי די געשיכטע דערצעהלט אונז, האָבען זיך די בני ישראל באַלד אַן עצה געגעבען: זיי האָבען באַדאַרפט לעבען, און עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און פיעלע האָבען זיך פיין אַרויפגעאַרבייט, ווי מען זאָגט אין אַמעריקאַ. עס איז אָבער זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז זייער גאַנצעס האָפען און שטרעבען האָט געמוזט זיין צו קומען אַהיים. ווי גוט עס איז זיי מיט דער צייט ניט געוואָרען, זיינען זיי אַלץ געווען אין דער פרעמד. די מעשה איז נאָך געווען פריש אין יעדענס געדעכטנים, די מייסטע פון די פאַרטריבענע, אָדער זייערע קינדער, האָבען נאָך געלעבט, און זיי האָבען געמוזט צוזעהן ווי זייער שטאָלץ ווערט געטראָטען מיט די פיס, זייער קעניג יהויכין אין תפיסה, און אַ לעבען צו מאַכען איז ניט אַנגעקומען אַזוי לייכט, ספּעציעל פאַר די אָרימע, וואָס האָבען פון דער היים גאָרניט מיטגעבראַכט. די איינציגע האָפנונג וואָס איז זיי געבליבען, איז געווען אויף אַן אויסערליכער מאַכט, אַז וועלכע עס איז אַנדערע מאַכט וועט צוברעכען די הערשאַפט פון זייערע אונטערדריקער, די כאַלדעער. מען קען זיך דאַרוף פאַרשטעלען די שמחה פון די אידען ווען איז ווייניגער פון פופציג יאָר נאָכ'ן פאַל פון ירושלים האָבען די פּערזיער אונטער כרש'ן איינגענומען די כאַלדעער. האָבען זיי ווידער מיט אַמאָל דערזען, אַז יהוה איז דער

אלמעכטיגער גאט, אז ער וועט מקיים זיין די הבטחה וואס ער האט געגעבען דורך דעם נביא ירמיהו.

די נבואה פון ירמיהו איז מקוים געווארען. אין דעם ער־שטען יאר פון זיין מלוכה האט כורש מלך פרס, אין דער איינקלאנג מיט דער פערזישער פאליטיק געגענאיבער אונטער־טעניגע פעלקער, ארויסגעלאזען א פראקלאמאציע, אין וועלכער עס איז געשטאנען געשריבען:

„אלע מלוכות פון דער ערד האט יהוה, דער גאט פון הימעל, מיר געגעבען; און ער האט מיר באפוילען צו בויען פאר איהם א הויז אין ירושלים, וואס ליגט אין יהודה. ווער עס איז דא צווישען אייך פון זיין פאלק — זאל זיין גאט זיין מיט איהם — זאל ער געהן קייז ירושלים, וואס ליגט אין יהודה, און בויען דאס הויז פון יהוה, דער גאט פון ישראל, — ער איז דער גאט, וואס איז אין ירושלים.

„און ווער עס בלייבט איבער אין וועלכען־עס־איז ארט וואו ער האט געוואוינט, זאלען די מענער פון זיין פלאץ איהם העל־פען מיט זילבער, און מיט גאלד, און מיט אנדערע זאכען, און מיט בהמות, אחוץ די פרייוויליגע נדבות פאר גאט'ס הויז, וואס איז אין ירושלים".

די שמחה וואס די פראקלאמאציע האט אריינגעבראכט צווישען די אידען איז געווען אזוי גרויס, אז ישעיה דער צוויי־טער, דיזע וואונדערבארסטע פערזענליכקייט פון גאנצען אי־דישען פאלק, האט ערקלערט כורש דעם געצענדינער, אלס דעם משיח פון יהוה.

„נחמו, נחמו עמי, יאמר יהוה! — טרייסט זיך, טרייסט זיך מיין פאלק, זאגט גאט!" האט ער אויסגעשריען. די וואונדער־בארסטע בארעדזאמקייט הערט זיך דאן פון דיזען מאן, און די ווילדעסטע האפנונגען דריקט ער אוים אין זיינע מערקוויר־דיגע צורופען. וואונדער איבער וואונדער וועלען פון יעצט אן געשעהן. „יעדער טאל וועט ווערען העכער און יעדער בארג וועט ווערען נידריגער. דער קרומער וועט ווערען גלייך און די רויהע פלעצער וועלען ווערען גלאטיג. און די פראכט פון גאט וועט זיך אנטפלעקען און אלע מענשען וועלען דאס קענען זעהן". ישראל וועט צוריק ווערען א פאלק, מיט די גאנצע

הערליכקייט וואס יהוה קען געבען; ירושלים וועט לייכטען פאר די גאנצע וועלט, און אלע פעלקער וועלען זיך קומען בוקען צו יהוה, א. ז. וו.

צוויי און פערציג טויזענד דרייהונדערט מענשען, א חוץ איבער זיבען טויזענד דינער, מענער און פרויען, האבען זיך צוזאמענגעקליבען צו געהן אהיים, דארונטער איז געווען א גרויסע צאל כהנים, אבער די מייסטע פון די עולי גולה זיינען געווען ארימע לייט. די רייכע זיינען זיך גאנץ געמיטליך פאר־בליבען אין גלות. זיי האבען געגעבען פיינע נדבות פאר דעם בית המקדש, אבער געהן אהיים האבען זיי ניט געפונען פאר נויטיג. אמת, מיט די עולה גולה איז מיטגעגאנגען ששבצר, דער זון פון יהויקים, אבער ער איז געגאנגען אלס גובערנא־טאר, איינגעזעצט פון כורש מלך פרס.

די אידען זיינען אהיים געקומען מיט א גרויסע מאסע געלד, וואס די רייכע האבען געגעבען, אויף דעם באפעל פון כורש. דערצו האבען זיי געהאט דאס געלד און זילבער פון דעם בית המקדש, וואס נבוכדנצר האט פארנומען, און וועלכעס כורש האט באפוילען זיי ארויסצוגעבען, מיט אן ערלויבניש פון מלך צו בויען דעם בית המקדש. זייער האפנונג איז אלזא ער־פילט געווארען. יהוה איז ווידער זייער גאט; דער בית־המקדש, נאך וועלכען זיי האבען אזוי געגארט און אויף וועל־כען זיי האבען פארגאסען אזויפיל טרערען, קען ווידער גע־בויט ווערען. אבער עס געהט אוועק א לאנגע צייט, און קיינעם חלום'ט זיך אפילו ניט צו נעמען בויען גאט'ס הויז. וואס איז דא געשעהן? וואו איז די אידישע רעליגיאן? וואו איז דער גרויסער ישעיה, וואו איז יהוה? וואס איז געווארען פון אלע האפנונגען?

די זאך איז גאנץ איינפאך: ווען די אידען זיינען צוריק אהיים געקומען, האבען זיי געהאט וויכטיגערע ארבייט, ווי צו בויען גאט'ס הויז. זיי האבען פריהער געדארפט בויען הייזער פאר זיך, זיי האבען באדארפט זיך פארזארגען מיט ברויט, זיי האבען געמוזט צוריק באארבייטען זייערע פעלדער. פילע פון די פעלדער זיינען געווען פארנומען פון די פרעמדע. אדום, עמון, מואב, די פלשתים און זאגאר די שמרונים האבען געקוקט קרום אויף די גאנצע זאך, און עס האט זיך געווייס אנגעפאנ־

גען מחלוקת, אדער ווי מיר וואלטען היינט זאגען: קלאסענ־קעמפע. צו דעם אלעם האבען זיי געמוזט צאלען שטייערען, וועלכעס איז אהן צווייפעל אנגעקומען שווער אונטער די אומשטענדען. עס זיינען דאדורך אוועק גאנצע 18 יאהר, און פון בויען גאט'ס הויז איז גאר קיין רייד ניט געווען. און טאמער האט ווער עס איז דערמאנט אן דעם בית־המקדש, האט מען איהם געענטפערט: „איצט איז ניט קיין צייט פון בויען."

אכטצען יאר שפעטער הויבט זיך ווידער אן א שטארקע באוועגונג צו בויען דעם בית־המקדש. דאן געפינט זיך ווידער א נביא, א פאלקס־רעדנער, אן אגיטאטאר מיט'ן נאמען חגי, וועלכער וועקט דאס פאלק מיט פייערדיגע ווערטער צו בויען גאט'ס הויז.

„אזוי האט געזאגט יהוה: די מענשען זאגען: די צייט איז ניט געקומען, די צייט איז ניט געקומען פאר גאט'ס הויז געבויט צו ווערען".

דאן איז געקומען דאס ווארט פון יהוה צו חגי הנביא, זאגענדיג:

„איז דאס א צייט פאר אייך צו וואוינען אין אייערע הייזער מיט באלקאנעס, ווערענד גאט'ס הויז ליגט חרוב?.."

„נאך א קליין ביסעל", זאגט דיזער נביא, „נאך אביסעל און איך וועל צוטרייסלען די הימלען און די ערד, און דאס מער און די יבשה; און איך וועל אויפרודערען אלע פעלקער, און דער פארלאנג פון אלע פעלקער וועט קומען; און איך וועל אנפילען דיזעס הויז מיט הערליכקייט, זאגט יהוה צבאות". (חגי, קאפיטעל 2, פסוק 6 און 7).

וואס איז דארט מיט אמאל געשעהן? פון וואנען האט דאס חגי מיט אמאל גענומען אזויפיעל מוטה? פון וואנען האט זיך דאס מיט אמאל ווידער גענומען אזא שטארקער רעליגיעזער געפיל? די זאך לאזט זיך לייכט ערקלערען: אין דיזען יאר איז נעמליך געווען אן אלגעמיינער אויפשטאנד גענען די פערזיער. אין בבל איז אויפגעשטאנען א נייער נבוכדנצר, וועלכער האט געזוכט אראבצו־ווארפען דעם יאך פון דריוש מלך פרס. אין אנדערע פראווינצען האבען זיך די פערשיערענע אונטערטעניגע פעלקער געבונטעוועט. און די אידען

האבען זיך אויך געוואלט באנוצען מיט דער שווערער לאגע פון די פערזיער. ס איז אלזא געווען א פאליטישע אגיטאציאן. חגי מונטערט דארום אויף זרובבל'ן, דעם שטאאטס־האלטער, צו מאכען א שטאאטס־שרייך און זיך ערקלערען פאר קעניג, און דאן לאזען בויען גאט'ס הויז, ווייל דאס איז געווען דער איינציגער צייכען פון זייער אונאבהענגיגקייט. זרובבל האט זיך געלאזט איבעררעדען: „און יהוה האט אויפגעוועקט דעם גייסט פון זרובבל בן שאלתיאל, דעם גובערנאטאר פון יהודה, און דעם גייסט פון יוצדק דעם כהן גדול, און דעם גייסט פון די איבערגעבליבענע פון פאלק; און זיי זיינען געקומען און פאררי‍כט די ארבייט פון יהוה'ס הויז, זייער גאט, אין דעם 24טען טאג פון דעם זעכסטען מאנאט פון דעם צווייטען יאר פון דריוש דעם קעניג". (חגיג, פסוק 15).

אבער אין דעם זעלבען טאג, ווען די אידען האבען אנגע־הויבען בויען דעם בית־המקדש; אין דעם זעלבען טאג האבען די פערזיער צום צווייטען מאל ביינעקומען דעם אויפשטאנד פון בבל. חגי הערט זיך פון דאן אן ניט מער. ער שיינט צו האבען פארלארען דעם מוטה.

זכריה, זיינער א צייט גענאסע, האלט נאך אויף זיין מוטה, ער פרעדיגט נאך אלץ די אלמעכטיגקייט פון יהוה; פון דעם גאלד וואס די אידען פון בבל האבען געשיקט, לאזט ער שמי־דען א קרוין פאר זרובבל. אבער דאס גרויסע וואונדער פון יהוה איז ניט געקומען. אלע פעלקער זיינען ניט געקומען קיין ירושלים זיך בוקען צו יהוה. געקומען איז דאס פארקערטע. די הערשאפט פון די פערזיער איז נאך דעם אויפשטאנד פאר־שטארקט געווארען. באלד איז דער סאטראפ פון סיריען און בבל געקומען קיין ירושלים צו מאכען אן אינספעקציע. דאס, וואס די אידען האבען געבויט דעם בית־המקדש, איז איהם גאר־ניט געפעלען, ער האט אבער ניט געוואוסט וואס צו טאן, ווייל די אידען האבען זיך בארופען אויף דעם באפעל פון כורש מלך פרס. ער האט דארום געשריבען א בריעף צו דריוש'ן און איהם אנגעפרעגט וואס צו טאן.דריוש האט פאר די אידען מעהר קיין מורא ניט געהאט, האט ער נאך אמאל, אין איינקלאנג מיט די פערזישע פאליטיק, צו געבען די איינ־

גענומענע פעלקער פאלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט, ער־לויבט צו בויען דעם בית־המקדש.

די גאנצע באוועגונג האט זיך אויסגעלאזען מיט דעם אויפבויען פון גאט'ס הויז; די האפנונג אויף א משיח, אויף א זעלבסטשטענדיגע הערשאפט, האט מען געמוזט פארשיבען אויף אן אונבעשטימטע צייט. די איינציגע טרייסט וואס איז געבליבען, זיינען געוועזען די גוטע צייטען. (זכריה, קאפיטעל 7־8).

די טרייסט האט ניט געדויערט לאנג. די צייטען זיינען ווידער געווארען שלעכט. שלעכטע צייטען און היישריקען זיינען ווידער געקומען, די שטייערען זיינען געוועזען גרויס, קיין געלד איז ניט געוועזען, די שולדען זיינען געוואקסען. די שמרונים, די עמורים א. ז. וו. האבען מיט די אידען זיך ארומ־געריסען. די רייכערע האבען באשווינדעלט און בעראבעוועט די ארימערע, מען האט זיך געריסען און געקעמפפט, און מען האט ווידער פארגעסען אן יהוה און די רעליגיע. אנשטאט דעם האבען זיי זיך אנגעהויבען צו פארמישען מיט די אנדערע פעלקער. דער כהן גדול אליין האט זיך מתחתן געוועזען מיט די פרעמדע געצענדינערישע פעלקער. ווען דאס וואלט אזוי געגאנגען ווייטער, וואלט פון די אידען אין ארץ־ישראל אודאי ניט געבליבען קיין זכר, ווי עס איז ניט געבליבען קיין זכר פון די אנדערע צען שבטים.

אבער דא האבען זיך ווידער אריינגעמישט די אידען פון גלות, וועלכע האבען געראטעוועט די אידען אין ארץ־ישראל פון אונטערגאנג.

וואס עס איז געשעהן נאך זרובבל ווייס מען ניט באשטימט. מיר ווייסען אבער אזוי פיל, אז מיט זעכציג יאר שפעטער איז ווידער געקומען א נייע פארטיי פון בבל מיט עזרא הסופר אן דער שפיצע; מיט א געשריבענע תורה און מיט דער פאלמאכט פון קעניג איינצוזעצען ריכטער, וועלכע זאלען משפט'ן דאס פאלק: „און יעדער איינער וואס וועט ניט טאן ווי דאס געזעץ פון גאט און דאס געזעץ פון זיין קעניג באפעלט, אויף דעם זאל א שטראף אויסגעפירט ווערען שנעל: צו די שטראף וועט זיין טויט, צו פארטריבען ווערען פונלאנד, אדער קאנפיסצירען זיין פארמעגען, אדער אין תפיסה.“ (עזרא 7־26).

און מיט דער מאכט פון דיזען געזעץ האט עזרא גענומען צווינ־גען דאס פאלק אוועקצו־ווארפען די פרעמדע ווייבער, אויפצוגע־בען די מארק־טעג אום שבת, און איבערהויפט אבצוהיטען די תורה, וואס ער האט מיטגעבראכט פון בבל.

גאנץ לייכט איז די זאך ניט צוגעגאנגען. אמת, אויף א פארזאמלונג וואס עזרא האט איינבארופען איז מיט א גרויסע מערהייט באשלאסען געווארען איהם צו פאלגען, ס'איז אבער אויך געווען א גרויסע אפאזיציע. אהן א קאמף האט די זאך ניט געקענט אבגעהן. עזרא האט דאס געוואוסט. זיין ערשטע ארבייט איז דאדורך געווען צו באפעסטיגען די מויערען פון ירושלים. אבער גראדע דיזעס האט בייגעטראגען צו זיין שטורץ. וועגען בויען די מויערען איז אין זיין פאלמאכט ניט געשטאנען. די געגנער האבען גלייך אוועקגעשיקט א בריף צום קעניג און האבען אויפמערקזאם געמאכט, אז ירושלים איז פון אלע מאל א רעבעלירענדע שטאדט, און אז דאס בויען פון די מויערען קען נור האבען דעם צוועק צו מאכען אן אויפשטאנד. דאס האט געווירקט. דער קעניג האט באפוילען די מויערען צו פארניכטען. רכום און די שמרונים האבען דיזע ארבייט גרינד־ליך באזארגט, און מיט די מויער איז אויך געפאלען די מאכט פון עזרא. מיט זיינע הויכע אידעאלען וועגען יהוה האט ער גארניט געקענט מאכען. די זיבעצען הונדערט מענשען, וואס זיינען מיט איהם מיטגעקומען, האבען אויך גארניט געקענט אויפטאן, און די נייע תורה איז ניט איינגעפירט געווארען. יהוה האט זיך א פנים אבגעטאן פון עזרא.

די אידען אין בבל האבען אויף דעם ניט געקענט באשטעהן. זיי האבען דארטען געמאכט גוטע געשעפטען און פילע זיינען רייך געווארען; אנדערע האבען זיך פארשאפט איינפלוס אין דעם קייזערליכען הויף. דאס פאליטישע לעבען אין יענע צייטען האט זיך אויסגעדריקט אין דעם רעליגיעזען לעבען. ווען א פאלק איז געווען מעכטיג, איז עס געווען א סימן, אז זיין גאט איז דער מעכטיגסטער. דער שטרייט צווישען די פערשיע־דענע פעלקער אין פערזער־רייך, איז אזוי געווען א שטרייט וועגען זייערע געטער. פאר די אידען אין בבל איז עס אלזא געווען א לעבענס־פראגע, אז זייער יהוה זאל אנערקענט ווערען

אלס דער מעכטיגסטער פון אלע געטער. דאסזעלבע האבען די אנדערע פעלקער געטאן. פון דיזען הויבט זיך אן א פראפאגאנדא פאר די פארשידענע געטער, צוליב דיזען זוכט יעדעס פאלק זיך אויסצוצייכענען מיט א ספעציעלע פרומקייט, צוליב דיזען דארפען זיי אויך האבען א צענטער, וואו זייער גאט זאל זיין דער אליין־הערשער, א מרכז־רוחני".

פון דער צווייטער זייט האט די פערזישע הערשאפט זיך געשטיצט אויף דעם, וואס זי האט געגעבען פאלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט. מיט דעם האט זי די פארשיעדענע פעלקער געהאלטען באזונדער. די אידען האבען אבער ספעציעל אויסגענומען. זיי האבען געהאט פרעטענזיעס אויף דער וועלט־הערשאפט. מיט דעם אליין האבען זיי זיך שוין געשטעלט אין געגענזאץ צו די איבעריגע פעלקער. פון דעם שטאמט וואס זיי האבען געזוכט צו האבען א צענטער אין ירושלים, וואו זייער יהוה זאל זיין דער פאלשטענדיגער הערשער. און דאס איז אויך די אורזאכע, וואס זיי האבען נושא חן געווען ביי די פערזישע קעניגע.

מיט דיזען איינפלוס האבען זיי זיך באנוצט אויפצובויען דאס בית־המקדש אין ירושלים, כדי צו באפעסטיגען זייער פאזיציע אין בבל.

דאס מאל האבען זיי עס געטאן דורך נחמיה, צוועלף יאר נאך דעם דורכפאל פון עזרא. מיר וועלען לאזען נחמיה אליין דערצעהלען ווי דאס איז צוגעגאנגען:

„דאס איז געשעהן אין דעם חודש כסלו, אין דעם צוואנציגסטען יאר, ווען איך בין געווען אין שושן הבירה, ווען חנני, איינער פון מיינע ברידער, איז געקומען פון יהודה — ער און נאך אנדערע, און איך האב זיך דערקונדיגט וועגען די אידען וואס האבען זיך ארויסגעכאפט, וועלכע זיינען איבערגעבליבען פון דעם געפאנגענשאפט, און מכח ירושלים".

„און זיי האבען מיר געזאגט:

„די איבערגעבליבענע, די וואס זיינען איבערגעבליבען פון דעם גלות אין דעם לאנד, זיינען אין גרויס נויט און ליידען חרפות. די וואנד פון ירושלים איז צובראכען, און די מויערען זיינען פארברענט מיט פייער".

נחמיה האט זיך דאס שטארק גענומען צום הארץ. ער האט געוויינט און געפאסט און געטאן תפלה צו גאט, און האט ביי זיך אבגעמאכט צו פועל'ן ביים קעניג אז ערלויבניש צו געהן קיין ירושלים און צוריק אויפבויען די שטאדט.

נחמיה איז געווען א גרויסער חשוב ביים מלך. ער איז געווען דער שר המשקים.

עטליכע חדשים נאכדעם, אין דעם חודש ניסן, ווען ער האט דערלאנגט דעם קעניג ווייז, האט איהם דער קעניג גע־פרעגט: „פארוואס זעהסטו אויס אזוי שלעכט, דו ביזט דאך ניט קראנק! דאס מוז זיין א טרויער וואס דו טראגסט אין דיין הארץ! איך האב זיך זעהר דערשראקען און איך האב געזאגט צו דעם קעניג: לאנג לעבען זאל דער קעניג! פאר־וואס זאל איך ניט אויסזעהן שלעכט, ווען די שטאדט — דער ארט פון די קברים פון מיינע עלטערען — ליגט חרוב און איהרע טויערען זיינען פארניכטעט דורך פייער".

דער סוף פון דעם געשפרעך איז געווען, אז נחמיה האט געקראגען די ערלויבניש צו געהן קיין ירושלים און בויען די וואנד. נחמיה, ווי עס שיינט, איז געווען פיעל קליגער און טאקטישער פון עזרא. ער איז געווען מעהר באגייסטערט. צו יענער צייט זיינען די אידען ווידער געווען אין א שלעכטע עקאנאמישע לאגע. די שטייערען זיינען געווען זעהר גרויס. די ארימערע אידען זיינען געווען פארשולדיגט איבער'ן קאפ, די פעלדער האבען זיי פאר'משכנ'ט צו באצאלען די שטייע־רען. די רייכערע ברידער האבען זיך מיט דיזען אונגליק פון זייערע ברידער באנוצט און האבען פון זיי געשונדען די הויט. די אונצופרידענהייט איז געווען אלגעמיין (נחמיה 5). נחמיה האט מיט איין קלאפ געמאכט אן ענדע צו דעם.

זייענדיג א רייכער מאן האט ער, אנשטאט ארויפצוצווינגען די תורה אויף די אידען, ווי עזרא האט געטאן, זיך קודם־כל אבגעזאגט פון זיין געהאלט אלס גובערנאטאר. דיזעס האט באלד פארקלענערט די שטייערען. נאכדעם האט ער צוזאמענ־גערופען די גבירים, די פראצענטניקעס, וואס האבען געהאלטען די מארטגיידזשעס (היפאטעקען) און זיי געגעבען אנצוהערע־ניש, זיי זאלען צוריקגעבען די הייזער און די פעלדער צו די

אייגענטהימער (אן אמת׳ער באלשעוויק, ווי מען וואלט היינט זאגען׳) און די לייטע, וויסענדיג אז נחמיה איז געקומען מיט דער מאכט פון דעם פערזישען קעניג, האבען געטאן וואס ער האט געהייסען. די ארימע פריצים אין צאל פון הונדערט און פופציג, א חוץ פילע אנדערע האט ער אויפגעהאלטען אויף זיינע אייגענע הוצאות.

מיט איינמאל האט ער געוואונען דאס פאלק אויף זיין צד. מיט דעם שווערד אין איין האנד און די געצייג אין דער אנדערער, האבען זיי אלע געהאלפען בויען די וואנד. די ארבייט איז פארטיג געווארען אין צוויי און פופציג טעג.

דעמאלט האט מען ווידער געשיקט נאך עזרא, און די די תורה איז איינגעפיהרט געווארען.

וואס זעהען מיר פון דעם אלעם? מיר זעהען, אז גראדע אין פאלעסטינא, וואו די אידען זיינען געזעסען אויף זייער אייגענע ערד, מיט אייגענע פעלדער און וויינגערטנער, מיט אן אויפגעבויטען בית המקדש, מיט אייגענע כהנים, מיט א כהן גדול, מיט אן אייגענעם גובערנאטאר, — גראדע דארט איז די אידישע רעליגיע פארנאכלעסיגט און פארגעסען געווארען; גראדע דארט האבען זיך די אידען פארמישט מיט די ארומיגע פעלקער, און האבען איינגעפיהרט שבת אלס דעם מארק־טאג. אפילו דער כהן גדול אליין איז אויך ניט געווען בעסער, — ער איז געווען דער ערשטער צו פראטעסטירען געגען עזרא און נחמיה. און אין בבל, וואו די אידען זיינען געווען אין גלות, וואו זיי האבען דאס אלעס ניט געהאט, האט זיך אנטוויקעלט די רעליגיע; דארטען האבען זיי באשאפען א תורה, און מיט די מאכט פון דעם קעניג אין גלות, ארויפגעצוואונגען די תורה אויף זייערע ברידער אין דער היים. עס איז אלזא ניט געווען די היימישע רעליגיע, וואס האט זיי געהאלפען אין גלות. עס איז גיכער געווען דער גלות, וואס האט געהאלפען אויפהאלטען די רעליגיע *).

*) זעה וועגען דעם גאנצען ענין: „געשיכטע דעם אלטערטומס" (דריטער באנד פון זייטע 170 ביז 233), פון עדוואַרד מייער. אויך „די ענשטעהונג דעם יודענטהומס", פון דעם זעלבען פארפאסער.

# אַמעריקאַ — דער אידישער צענטער פון דער וועלט *)

ווען מען קוקט זיך צו צו דער אידישער היסטאריע, צו דער לאנגער היסטאריע פון ליידען, רדיפות און מארטירטום, מוז מען זיך ניט ווילענדיג שטעלען די פראגע: וואס איז דאס געווען אזעלכעס וואס האט דערהאלטען דאס אידישע פאלק אין דעם לאנגען גלות? וואס איז עס געווען די סיבה וואס האט דעם אידען געגעבען כח אריבערצוטראגען און איבערצולעבען אזוי פיעל פיין און מאטערניש, אזוי פיעל באליידיגונג און ערנידערונג?

פארשיידענע אורזאכען ווערען אנגעגעבען: איינציגע ווילען האבען, אז דאס איז געווען די אידישע רעליגיאן און די אידישער תורה. עס איז געווען די אידישע רעליגיע, דער ריינער גלויבען אין דעם איין איינציגען גאט, צוזאמען מיט דער אידישער תורה, זאגט מען וואס האט דעם אידען אריינגעגעבען דעם כח און דעם מוטה אריבערצוטראגען אלע צרות און אלע ליידען געדולדיג. אנדערע ווידער באהויפטען, אז עס איז געווען גראד די ליידען, די פארפאלגונג, וואס האט געווירקט ווי א צעמענט, וואס האט זיי געהאלטען צוזאמען, און זיי ניט געלאזען פאלען, וואס האט זיי אויך איינגעפליסט דער סם החיים, דעם עליקזיר פון לעבען. נאך אנדערע מיינען, אז דאס איז דער כח פון דער אידישער ראסע, אז דיזער כח ליגט אין דעם אידישען בלוט, וואס גיט זיי די מעגליכקייט ווידערצושטעהן אלע שטורמען.

---

*) ערשינען אין „פאַרווערטס“ פון 9טען דעצעמבער, 1916, נאָך די באָסטאָנער קאָנווענשאָן פון אידישע רעליעף.

וויפיעל אמת עס שטעקט אין יעדע פון דיזע באהויפטונג, איז שווער צו זאגען. ווארשיינליך איז, אז אלע די סיבות צו־זאמען האבען געווירקט; אז אויסער די אויסגערעכענטע אי־נערליכע סיבות, זענען נאך געווען אנדערע אויסערליכע סיבות, ווי די סאציאלע און פאליטישע צושטענדע פון די לענדער אין וועלכע זיי האבען געלעבט, און אנדערע.

אבער וואס די סיבות זאלען ניט האבען געווען, האבען זיי ניט געקענט זיין בלויז גייסטינע; די גייסטינע אורזאכען הא־בען געמוזט געפינען מאטעריעלע מיטעל.

די רעליגיע, די תורה — דאס זיינען רוחניות זאכען, און ווי גרוים זייער ווירקונג זאל ניט האבען געווען — מיט זיי אליין קען מען ניט לעבען. דיזע גייסטיגע זאכען קענען אין בעסטען פאל צוגעבען מוטה, אויסדויער, אבער צום לעבען מוז מען הא־בען ממשות'דיגע זאכען, מאטעריעלע מיטעל. פון ליידען און פארפאלגונגען קען מען אודאי ניט לעבען.

דובנאוו זאגט ערגעץ וואו, „דאס אידישע פאלק איז א פאלק וואס קען ליידען און דיינקען"; א פאלק וואס קען ליי־דען שטיל, פארטראגען אסך און איבערווארטען די שלעכטע צייטען. אבער צו ליידען און ווארטען מוז מען האבען כח; אז ניט, „געהט אוים די נשמה, איידער מען דערלעבט די נחמה". דאס שטילע, אינערליכע, טאטענלאזע און מאנאטאנע לעבען, קען זיך ניט צופרידען שטעלען מיט עולם הבא אליין; עס קען ניט ציהען קיין יניקה פון אינוויינינ, עס מוז האבען שפייז פון דרויסען. די רעליגיע קען געבען האפנונג אויף נאך דעם טויט; אום דאס לעבען זאל אנגעהן מוז עס האבען באלדיגע חיונה און באלדיגע האפנונג. א שטראל פון האפנונג מוז בלישטשען פון ערגעץ וואו, אז ניט קען מען די ליידען ניט פארטראגען.

צום גליק האט דאס אידישע פאלק צו אלע צייטען גע־האט אזא האפנונגס שטראל. עס איז אלע מאל געווען אז עמוד אש וואס איז געגאנגען אין פאראוים פון דעם אידישען פאלק.

דורך דעם גאנצען אידישען גלות באמערקט זיך איין זאך: ניט אלע אידען זיינען געווען פארפאלגט אין איין צייט און מיט איינמאל. דאס וואס די אידען זיינען געווען צוזיים און צו־

שפרייט, דאס איז געווען זיין גליק; דאס איז געווען דאס הויפט מיטעל וואס האט זיי געהאלפען זיך דערהאלטען ביים לעבען. עס האט זיך אלע מאל געפונען א ווינקעל ערגעץ וואו אויף דער ערד, וואו איין טייל אידען האט זיך געלעבט בעסער פון די איבעריגע טיילען, און דיזע אידען וואס האבען גראד געלעבט בעסער האבען קיינמאל ניט, אין די טויזענדער יאהרען, פארגעסען זייערע ווייניגער גליקליכע ברידער. אין אלע צייטען האבען די אידען וואס זיינען געווען בעסער געשטעלט, באנוצט זייער פרייהייט, זייער בילדונג, זייערע פאליטישע רעכטע און זייער באזיץ צו העלפען זייערע ברידער אין די איבעריגע לענדער.

דאס אידישע פאלק וויל ניט שטארבען. עס איז ענטשלאסען צו לעבען. דאס איז דער שטארקסטער אינסטינקט, וואס עס פארמאגט. און דיזע אונאויסשעפליכע און אונערקלערליכע קראפט וואס ליגט אין דעם אידישען פאלק, האט צוגעשטעלט די מיטעל דורך וועלכע עס האט זיך דערהאלטען ביים לעבען צום טראץ פון אלע מכשולים. פון איין זייט האט דיזע קראפט געהאלפען די מעהר פארפאלגטע און געפלאגטע זיך צו צופאסען צו די ספעציעלע אומשטענדען; פון דער צווייטער זייט, און דאס איז דער וויכטיגער פונקט, האט עס געטריבען דעם אנדערען טייל, דעם טייל וואס איז געווען בעסער געשטעלט, מיט אלע כחות, מיט אלע רעכטע, מיט זייער גאנצער באזיץ צו אונטערשטיצען און צו העלפען דערהאלטען ביים לעבען די מעהר אונגליקליכע.

ווי א רויטער שנור ציהט זיך דיזע ערשיינונג פון דעם סאמע אנפאנג פון דעם אידישען גלות בבל, ביז אויף דעם היינטיגען טאג.

יעדער איינער וואס וויים נאר עטוואס פון דער אידישער געשיכטע וויים, אז אין בבל, ד. ה. שוין אין דעם ערשטען גלות, האט זיך דאס יודענטום באפעסטיגט. אין בבל האט זיך אויסגעארבייט די ספעציפיש אידישע קולטור, ווי זי איז פארקערפערט אין דעם תלמוד; אין בבל איז געווארען באפעסטיגט און גערייניגט דער מאנאטעאיזם, דער גלויבען אין איין גאט. אבער דאס איז ניט געווען אלץ. די אידען אין בבל האבען אויך

נעזאָרגט פאַר זייערע ברידער אין דער היים, די רייכטימער, די פּריוויטעטען און די פּאָליטישע רעכטע וואָס די אידען אין בבל האָבען זיך שנעל ערוואָרבען, זיינען צום גרויסען טייל באַנוצט געוואָרען אויפס־נייע אויפצובויען דאָס אידישע לאַנד, און דעם אידישען טעמפּעל, און צו העלפען און צו שטיצען די פּאַראַרימטע אידען אין ארץ ישראל.

בבל, אין איהר צייט, איז געווען דער צענטער און דער אויסגאַנגס־פּונקט פאַר די ערהאַלטונג פון דעם אידישען פאָלק.

בבל איז אונטערגעגאַנגען. די כאַלדעאישע אימפּעריע, און שפּעטער די פּערזישע אימפּעריע זיינען פאַרשוואונדען, אָבער דיזער אידישער גייסט איז ניט אויסגעלאָשען געוואָרען, פונקט ווי עס איז ניט פאַרשוואונדען דאָס אידישע פאָלק.

וואָס בבל איז געווען פאַר דעם אידענטום אין די גאַנץ אַלטע צייטען, דאָס איז אַלעקסאַנדריא און רוים געוואָרען אין די שפּעטערע צייטען. דאָס רוימישע בירגער רעכט וואָס די אידען האָבען זיך ערוואָרבען, דאָס בירגער רעכט, וואָס איז אין יענע צייטען געווען גלייך מיט וועלט בירגער־רעכט, האָבען זיי באַנוצט צו העלפען זייערע פאַרשקלאַפטע ברידער פון איבעראַל; פון זייער רייכטימער האָבען די אידען אין רוים גענומען אויסצוקויפען די אידישע שקלאַפען און זיי צוריק צו באַזעצען אין ירושלים אַלס פרייע רוימישע בירגער.

אין די שפּעטערע צייטען האָט די ראָליע איבערגענומען אַראַביען, נאָכהער שפּאַניע, און צולעצט האָלאַנד.

די פעלקער האָבען זיך געביטען, זייער הערשאַפט האָט זיך געביטען, און דער גורל פון די אידען אין די פאַרשיידענע לענדער האָט זיך געביטען. איין זאַך איז געבליבען אונפאַרענדערט: זייער אידישער גייסט, און דער פעסטער באַשלוס צו לעבען אַלס אַ פאָלק, טראָץ די צושטרייאונג. וואָס מנשה בן ישראל האָט אין דעם 17טען יאָהרהונדערט געטהון פאַר די אידען אין ענגלאַנד, דאָס האָט שפּעטער, אין דעם 19טען יאָהרהונדערט משה מאָנטעפיאָרי, אַן ענגלישער איד, געטהון פאַר די אידען אין מאַראָקאָ.

עס איז ניט מעגליך דאָ צו באַהאַנדלען אויספירליך דיזען געדאַנק, דעם פונקט וואָס איך וויל אַרויסברייננגען איז,

אז אין אלע צייטען האט פאר די פארפאלגטע אידען געשיינט א ליכט פון ערגעץ וואו, און אז עס איז געווען דיזער ערגעץ־וואו, וואס האט זיי געגעבען דעם כח, און הויפטזעכליך די מי־טעל, זיך דורכצושלאגען אויף זייער לאנגען, שווערען און שטורמדיגען גלות־וועג.

שווערע צייטען לעבט היינט איבער א גרויסער טייל פון דעם אידישען פאלק. דאס פאלק שטארבט אפ אברים־ווייז. איז היינט אויך דא אזא לאנד, צו וועלכען די אומגליקליכע אי־דען קענען ווענדען זייערע אויגען און אויסשטרעקען זייערע הענט אין דער האפנונג צו קריגען הילפע? איז דא אזא ליכט־שטראל, וואס קען באלייכטען און פארלייכטערן דעם שווערען, מיהפולען וועג פון די אומגליקליכע אידען אין פוילען, אין רוס־לאנד, אין גאליציען, אין רומעניען, אין פאלעסטינא?

איז פאראן אזא לאנד?

דער ענטפער איז לייכט. אזא לאנד איז דא. דאס איז אמעריקא!

אויף אמעריקא איז אויסגעפאלען דער גורל צו שפילען די ראלע, וואס עס האט אמאל געשפילט בבל, אלעקסאנדריא און רוים. וואס דאס רוימישע בירגער רעכט איז געווען פאר די אידען אין די אלטע צייטען, דאס איז היינט צו טאג דאס אמע־ריקאנישע בירגער רעכט. עס איז אפשר מעהר. רייכטימער באזיצען די אמעריקאנער אידען מעהר איידער די אידען אין רוים אין יענע צייטען.

עס איז דא א זאגע, אז אין דעם זעלבען טאג ווען קעניג פערדינאנד און קעניגין איזאבעלא האבען פראקלאמירט דעם דעקרעט ארויסצוטרייבען די אידען פון שפאניען, האט קאלאמ־בוס באקומען דעם באפעל זיך גרייט צו מאכען צו זיין רייזע, אויף וועלכער ער האט ענדעקט אמעריקא.

צו דאס איז אמת, צו ניט, איז ניט באקאנט. מאנכע היסטאריקער באשטרייטען דעם פאקט. איין זאך איז זיכער: אמעריקא איז געווארען דער צענטער פון דעם יודענטום; אמע־ריקא איז דאס לאנד, צו וועלכע אלע אידען האלטען געווענדעט זייערע אויגען; אמעריקא איז בכח, ווען ניט אין גאנצען צו

העלפען, זעהר פיעל צו לינדערען די שמערצען פון דעם ליידענ־דען יודענטום.

וועלען מיר דאָ פאַרגעסען דעם חוב וואָס ליגט אויף אונז, צו העלפען די אידען אין די איבעריגע לענדער? וועלען מיר זיין די ערשטע צו צוברעכען די טראַדיציע פון דעם אידישען פאָלק, אַ טראַדיציע וואָס עקזיסטירט שוין מעהר ווי צוויי טויזענד יאָהר? וועלען מיר זיין די ערשטע וואָס וועלען אין זייער פרייהייט פאַרגעסען די וואָס לעבען און ליידען, און פינ־סטערען, און נאָך דערצו אין אַזאַ שווערע צייט ווי די איצטיגע? וועלען מיר פאַרלעשען דעם ליכט־שטראַהל? וועט דער אידי־שער גייסט ביי אונז און מיט אונז אָפּשטאַרבען?

דאָס איז אונמעגליך!

דער כח וואָס ליגט אין אונז — דער כח צו דערהאַלטען זיך און די איבעריגע פון אונזער פאָלק — דיזער כח איז ניט אָפּ־געשוואַכט געוואָרען אין אַמעריקאַ, ער איז שטאַרקער געוואָרען. דאָס האָט געוויזען צווישען טויזענדער אַנדערע זאַכען אויך די דעקלאַראַציע וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אויף דער באָסטאָ־נער קאָנווענשאָן.

די דעקלאַראַציע ערקלערט, אַז די שטיצע וואָס מיר גי־בען דאָ איז ניט די שטיצע, וואָס ווערט פון אַ יחיד צוגעטיילט צו אַ יחיד, נאָר די נאַטירליכע און אָרגאַנישע אָנשטריינגונג פון איין טייל פון אידישען פאָלק פאַר'ן צווייטען, פאַר דער היסטאָרישער זעלבסטהאַלטונג און דעם קיום פון דער גאַנצער אידישער נאַציאָן.

דער אידישער גייסט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין בבל, וואָס איז געווען פאָרטגעזעצט אין אַלעקסאַנדריע און רוים, און אין די איבעריגע לענדער פון אייראָפּאַ; דיזער גייסט לעבט נאָך אין אַמעריקאַ. אַמעריקאַ איז דאָס לאַנד וועלכע דאַרף אין דער היינטיגער צייט דערהאַלטען דאָס איבריגע יודענטום.

---

ווען מען קוקט מיט אַזאַ אויג אויף די אויפגאַבע פון דער רעליעף אַרבייט; ווען מען באַטראַכט די רעליעף אַרבייט אַלס אַ חוב צו דעם אידישען פאָלק, דאַרף מען ניט קיינע גרויסע מיטינגען. דאַרף מען ניט האָבען פאַר די אויגען קיין קופּעס

הרוגים, דארף מען ניט ווארטען אויף גרויסע קאטאסטראפען. יעדער איד וועמען דאס גליק האט געבראכט קיין אמעריקא, דארף ביי זיך ביישליסען, ערנסט און מיט געפיהל פון באַוואוסטזיין, אז אויף איהם ליגט א היסטארישער חוב, וואס ער דארף באצאלען זיין פאלק: אז ער דארף העלפען דערהאלטען דאס אידישע פאלק, אז ער איז דער, וואס הארף פארטזעצען די אידישע טראדיציע און דערהאלטען ביים לעבען דעם אלטען אידישען גייסט.

אט דיזע איבערלייגונג, דיזער ערנסטער געדאנק, דיזעס טיפעס באוואוסטזיין, דארף זיין נענוג אנצוצינדען דאס פייערעל וואס טליעט זיך טיעף, טיעף ביי יעדען איינעם פון אונז; דארף זיין גענוג צו לאזען דאס פייער ברענען, ברענען כסדר, אהן אויפהער, ניט פלאקערען, (דאס פלאקערען דויערט ניט לאנג, און עס ברענט שנעל איבער), נאר ברענען שטענדיג מיט א פעסטקייט און זיכערהייט, אז אז אפשטעל און אז אז אויפהער, ביז עס וועט ניט ערפילט ווערען דער ציעל.

ניט קצבה, ניט צדקה דארפען מיר געבען; מיר מוזען באַצאלען דעם חוב, וואס די היסטאריע האט אונז באשטימט צו באצאלען, און מיר דארפען ניט ווארטען ביז א עקזעקוציע וועט קומען דעם חוב איינמאנען.

# האַלטען זיך אידען אָפּגעזונדערט?

# האַלטען זיך אידען אָבגעזונדערט *)

איצט, נאָכדעם ווי הער יעקב שיף האָט געהאַלטען זיין אמת־גרויסע און טיעף־רירענדע רעדע, אין וועלכע ער האָט צוריקגעצויגען און פאַרריכט א פעלער פון זיינער א רעדע מיט צוויי וואָכען פריהער; איצט, נאָכדעם ווי די געלבזוכט פון אונזער געלע־פּרעסע איז אביסעל איינגעשטילט געוואָרען, און דאָס אידישע פאָלק איז ניצול געוואָרען פון אזא געפערליכען „אַנטיסעמיט“, ווי עס איז הער יעקב שיף, איז אפשר צייט די גאַנצע פראַגע צו באַטראַכטען קאַלטבלוטיג און מיט איבער־לייגונג. דאָס וואָס איז פאַרווערט א מענשען ווי יעקב שיף, וועלכער רעדט אויף גוי'ש, און צו וועמעס וואָרט עס הערט זיך צו א וועלט, איז אפשר ערלויבט א מענשען, ווי דער שרייבער פון דיזע ציילען, וועלכער רעדט אויף אידיש און צו וועמעס רייד עס הערען זיך צו גאָר ווענינע.

אַלע אידישע לעזער זיינען באַקאַנט מיט דעם פּאַרפאַל. אָבער כדי מיר זאָלען די זאַך באַהאַנדלען ריכטיג און מיט א סדר, וועט נויטיג זיין אין קורצען צו ווידערהאָלען וואָס עס איז געשעהן.

אין א רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען דעם 21טען מאַי פאַר דעם „דזשואיש סענטראַל אינסטיטוט“, האָט הער יעקב שיף געזאָגט פאָלגענדעס:

---

*) ערשינען אין „פאָרווערטס“ דעם 11טען יוני, 1916 און אין די ווייטערע נומערען.

„מיר דארפען זיך אויפפיהרען אזוי, דאס דער יודענטום זאל ביי אונז זיין בלויז א רעליגיע, און ניט מעהר; אין אלע אנדערע פרטים מוזען מיר זיין דורכאויס אמעריקאנער. איך פיהל, אז אויב מיר וועלען זיך (ווייטער) אזוי אויפפיהרען, וועלען מיר פאראורזאכען פילע טראגעדיעס פאר אונזערע צוקינפטיגע דורות. ווען די אידען פון רוסלאנד און פוילען וואלטען זיך ניט געהאלטען באזונדער, מיט זייער באזונדערער שפראך, וואלטען זייערע צרות ניט געווען אזוי גרויס“.

דיזער טייל פון זיין רעדע, און ספעציעל דער לעצטער זאץ, האט ארויסגערופען א גרויסען שטורם אין אונזער פרעסע. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז מען האט הער שיפ'ען באשולדיגט אין אנטיסעמיטיזם, שיער ניט אין פאגראם־העצערייען. פאר א זייטיגען מענשען האט די גאנצע העצע אויסגעזעהן, ווי מאנכע פון אונזערע צייטונגס־שרייבער וואלטען זיך פארוועט, ווער וועט וועמען איבעריאגען אין וועה טאן יעקב שיפ'ען. דער הויפט־פונקט ארום וועלכען דיזער שטורם האט געבושעוועט איז געווען, די אבגעזונדערטקייט פון די אידען. די קריטיקער האבען באהויפטעט, אז עס איז ניט אמת און עס איז א פארלוימדונג אויף די אידען צו זאגען, אז זיי האלטען זיך אבגעזונדערט. עס איז פונקט פארקערט: די אידען רייסען זיך מיט אלע כחות ניט צו זיין אבגעזונדערט, נאר עס איז די רשעות פון די רוסישע און רומענישע רעגירונגען, וואס האלטען זיי מיט געוואלט אבגעזונדערט און דערלאזען זיי ניט צו קיין זאך. עטליכע טעג נאכדעם, ווי יעקב שיף האט געהאלטען די דערמאנטע רעדע, איז ערשינען א „סטענאגראפישער באריכט“ פון הער שיפ'ס רעדע, לויט וועלכען ער האט געזאגט פונקט דאס פארקערטע. און ענדליך, לעצטען זונטאג, האט הער יעקב שיף אליין, פון דער פלאטפארמע אראפ ערקלערט, אז זיין ערשטע רעדע איז פארשטאנען געווארען שלעכט און אויסגעטייטשט געווארען פאלש. ניט נאר האט ער ניט געזאגט, אז די אידען ליידען, ווייל זיי האלטען זיך אבגעזונדערט, נאר פונקט פארקערט: „ווען די אידען אין רוסלאנד און פוילען וואלטען ניט געהאלטען געווארען אלס אז אבגעזונדערט פאלק פאר זיך, דורך אויסנאמס־געזעצען,

וואָלטען די שנאה און פאַרפאָלגונגען וואָס זיי זיינען אויס־געשטאַנען, ניט דערגרייכט צו דער שטופע, צו וועלכע, צו אונזער אָלעמענס באַדויערען, עס איז אומגליקליכערווייז גע־נעקומען".

הער שיף האָט אַלזאָ געזאָגט פּונקט דאָס, וואָס די צייטונ־גען דענקען ער האָט געדאַרפט זאָגען. „מיר" זיינען דאַדורך מיט דער געשיכטע פאַרטיג. יעקב שיף וועט מעהר, לויט זיין פאַרשפּרעכען, זיך ניט מישען אין אונזערע געשעפטען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דאָס אידישע פאָלק האַלט זיך ניט אָבגעזונדערט. דאָס אידישע פאָלק איז געראַטעוועט. מען האָט ארויסגעריסען די פּאַגראָם־אַמוניציע פון דעם רוסי־שען בער'ס הענד. מיר קענען זיך ווייטער אַנגעהן גאַנץ רוהיג מיט אונזער באַזונדער שפּראַך, מיט אונזערע נאַציאָנאַל־ראַדי־קאַלע שולען, מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר אידישיזם, ציוניזם, טעריטאַריאַליזם, נאַציאָנאַל־ראַדיקאַליזם, ראַדיקאַל־נאַציאָנאַ־ליזם, קאָנגרעס, קולטור, ליטעראַטור, און די אַנדערע טויזענד און איין זאַך, וואָס באַווייזען דייטליך, אַז מיר זיינען אַ זעלבסטשטענדיגעס פאָלק, מיט אַן אייגענער קולטור און פּסיכיק.

דאָס אידישע פאָלק האַלט זיך ניט אָבגעזונדערט, חלילה! דאָס האָבען מיר באַשלאָסען.

פאַר די צייטונגען איז די געשיכטע געשלאָסען. דאָס איז אמת. זיינען אָבער מיט דעם די פראַגען פאַרענטפערט? ווי־לען מיר זיך אַליין אָפּנאַרען, אָדער דענקען מיר, אַז מיר קע־נען אָפּנאַרען די וועלט? האַלטען די אידען זיך אָפּגעזונדערט, אָדער ניט? קומען אונזערע ליידען פון דעם, וואָס מיר האַל־טען זיך אָפּגעזונדערט, אָדער צווינגט מען אויף אונז ארויף די אָבגעזונדערטקייט, און דאָס איז אַ טייל פון אונזערע ליידען?

דיזע פראַגען קאָן מען מיט שרייען און פאַרשרייען ניט פאַרענטפערען. נאָך מעהר, די פראַגען זיינען ניט קיין נייע. זיי זיינען ניט היינט צום ערשטען מאָל געשטעלט געוואָרען און יעקב שיף איז ניט דער איינציגער און ניט דער ערשטער, וואָס האָט זיי געשטעלט.

עס קאן גארניט זיין קיין פראגע וויאזוי די גרויסע פארדינ־
סטען פון הער שיף ביי דעם אידישען פאלק. מיר מעגען מיט
איהם ניט זיין איינשטימיג אין טויזענד אנדערע זאכען; מיר
ווע̄לען אבער קיינמא̄ל ניט פארגעסען, אז ער, מעהר ווי יעדער
איינצע̄לנער מענש, האט געצווינגען די אויפמערקזאמקייט פון
דעם אמעריקאנער פאלק און פון די איבריגע ציוויליזירטע
מענשהייט, צו די אוממענשליכקייט און בארבאריזם פון דער
רוסישער רעגירונג צו די פארפאלגטע אידען אין רוס̄לאנד;
אז ער, ווי ער זאגט מיט א באשיידענעם, אבער בארעכטיגטען
שטאלץ, האט מעהר ווי יעדער אנדער איינצע̄לנער איד בייגע־
טראגען צו דעם, וואס אמעריקא האט געמאכט די אידען־פראגע
אלס א באדינגונג פאר איהר דיפלאמאטישע באציהונג צו
רוס̄לאנד. דיזעס ווע̄לען מיר זיכער ניט פארגעסען. זיין ל̄עצטע
רעדע, וואו ער האט דיזע זאכען דערמאנט, זיינען אריינגע־
דרונגען טיעף אין יעדען פיהלענדען הארץ, וואס באווייזט,
אז זיינע ווערטער זיינען ארויס פון א פיהלענדעס הארץ. קיין
מענש קען ניט צווייפלען אין די ווארהאפטיגקייט פון זיין בא־
הויפטנוג, ווען ער זאגט, אז ער האט ניט געזאגט דאס, וואס
מען האט איהם אריינגעלייגט אין מויל אריין. און דאך! ביי
אלעם דעם איז גאר קיין ספק ניט, אז ער נארט זיך אליין ווען
ער דענקט, אז זיין רעדע איז ניט ריכטיג פארשטאנען גע־
ווארען. דער גאנצער פונקט דרעהט זיך ארום איין ווארט.
לויט די באריכטען אין צייטונגען האט ער געזאלט זאגען:
„זיי האלטען זיך אפגעזונדערט“; לויט זיין „סטענאגראפישען
באריכט האט ער געזאגט: „מען האלט זיי אפגעזונדערט“.
עס ליגט א גרויסער אונטערשייד אין די צוויי פארשידענע זאצען.
אבער דער היסטארישער אמת און די לאגיק פון הער שיפ׳ס
רעדע איז, אז זיי האלטען זיך אבגעזונדערט, אויב ער האט
אפילו געזאגט, ווי דער סטענאגראפישער באריכט לויטעט, און
איך צווייפע̄ל ניט אין דעם. איז אבער דער ריכטיגער מיין,
ווי דער ערשטער זאץ. יעקב שיף קען ניט אנדערש דענקען.
אלע אסימילאציאנס־אידען דענקען אזוי. די גרויסע, די גאנץ
גרויסע צאל ארטאדאקסישע אידען דענקען אזוי; די נא־
ציאנאליסטען, די וואס זיינען איהם באפאלען, אריינגערעכענט,

דענקען ניט אנדערש. דאס אידישע פאלק האט אן אייגענאר־טיגע פיזיאנאמיע. אמת איז, אז די ליידען וואס דאס אידי־שע פאלק האט געהאט אויסצושטעהן, האט זעהר פיעל צו־געהאלפען צו די אפזונדערונג; אמת איז, אז אין רוסלאנד און אין רומעניען ווערען די אידען געהאלטען אפגעזונדערט מיט געוואלט, דורך אויסנאמס־געזעצען, אבער דאס איז ניט די אורזאכע. דאס איז דער רעזולטאט פון די אידישע אבגעזונ־דערטקייט. די אידישע געטאס האבען פריהער די אידען אליין באשאפען; די טויערען פארשלאסען האבען די ניט־אידען ווען יעקב שיף וואלט געדענקט, אז אין רוסלאנד האלט מען די אידען אפגעזונדערט דורך אויסנאמס־געזעצען, און ניט אז זיי אליין האלטען זיך אפגעזונדערט, וואלט זיין גאנצע רעדע וועגען אמעריקא ניט געהאט קיין זין. וואס דארף ער זיך שרעקען פאר די צוקינפטיגע דורות אין אמעריקא? דא מאכט מען דאך ניט קיין אויסנאמס־געזעצען? דער אמת איז, אז הער שיף דענקט, אז די אידען האלטען זיך אפגעזונדערט, און ער האט מורא, אז אויב מיר וועלען דאס טאן אין אמע־ריקא אויך, וועלען אונזערע צוקינפטיגע דורות ליידען.

אבער צו הער שיף דענקט אזוי, צו אנדערש, איז סוף־כל־סוף ניט וויכטיג. וויכטיג איז די פראגע גופא, און ווען מען וויל די פראגע ריכטיג פארענטפערען, מוז מען זי צושפאלטען אין צווייען. מען מוז פריהער פארענטפערען די פראגע: האל־טען זיך די אידען אפגעזונדערט? און דאן די צווייטע פראגע: איז דאס ליידען א רעזולטאט פון די אפגעזונדערטקייט, אדער ניט?

די ערשטע פראגע קען נאר פארענטפערט ווערען אויף איין אופן: עס איז גאר קיין ספק ניט, אז די אידען האלטען זיך אפגעזונדערט. אויב דאס אידישע פאלק האט וועלכען־עס־איז כאראקטער־שטריך, וואס איז מעהר בולט פון אנדערע, איז עס דיזע אפגעזונדערטקייט. ווי א רויטער פאדים ציהט זיך דורך די גאנצע אידישע היסטאריע דיזער כאראקטער־שטריך. אין אלע צייטען, אין אלע דורות, אין אלע לענדער, אונטער פארשיידענע רעליגיעס, אין פארשיידענע קלימאטען, וואו אי־דען האבען זיך נאר געפונען אין זייער לאנגען וואנדערען, איז

אנגעוויזען געווארען אויף דיזען צוג אין אידישען כאראקטער. און עס זיינען ניט געווען נאר די אידישע שונאים, וואס האבען דאס געטאן. עס זיינען אויך געווען די פריינד, די פיהרער פון דעם אידישען פאלק.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך ניט דא דער פלאץ זיך אריינצולאזען אין וויסענשאפטליכע אפהאנדלונגען און היסטא־רישע באווייזע. יעדער איד וואס האט אמאל געלערנט חומש וויים, אז שוין די מצריים האבען געזאגט: „הבה נתחכמה לו פן ירבה, והיה כי תקראנה מלחמה ונוסף גם הוא על שונאינו" (לאמיר זיך אן עצה האלטען, טאמער פארמעהרט ער זיך, און ווען עס וועט זיך טרעפען א מלחמה, וועט ער נאך צושטעהן צו אונזערע פיינד). און דיזע קלאגע ווידערהאלט זיך מעהר ווי איין מאל אין דער לעגענדע ווי אין דער געשיכטע. „הן עם לבדד ישכון" (דאס אידישע פאלק האלט זיך אפגעזונדערט), האט בלעם געזאגט, און המן האט געמאכט דיזעלבע קלאגע: „ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים" (עס איז דא א פאלק, וואס איז צוזעעט און צושפרייט איבער די פעלקער, וועמעס געזעצען זיינען אנדערש ווי אונזערע). דאס זיינען די שונאים. משה רבנו האט אנגערופען די אידען אז „עם קשה עורף", א הארטנעקיגעס פאלק, און דער תלמוד איז פול מיט שפריכע וועגען די אידישע אפגעזונדערטקייט. דער איינציגער שטריך, וואס איז מעהר פון אנדערע בולט אין דעם אידישען פאלק, דאס איז זיין אפגעזונדערטקייט און אייגענארטיגקייט. דאס האט דעם אידען קיינמאל ניט געשטערט, וואו מען האט איהם נאר ערלויבט, זיך צו באטייליגען און זיך אויסצוצייכענען אין דעם לעבען פון דעם לאנד, אין וועלכען דאס שיקזאל האט איהם פארטריבען, צו געניסען פון דער עקזיסטירענדער קולטור און בייצוטראגען זיין חלק צו דער קולטור. אבער ער האט דאס אלע מאל געטאן אויף זיין אייגענעם וועג. ער האט קיינמאל ניט מקריב געווען זיין אינדיווידואליטעט, זיין פאלקס־איך. נאטירליך, זיינען אין אלע צייטען געווען אזעלכע, וואס זיינען צו שטארק באאיינפלוסט געווארען פון דער פרעמדער אומגע־בונג, און האבען זיך זאגאר אינגאנצען אפגעריסען פון זייער פאלק; אבער ווען מען באטראכט אונטער וואס פאר א גרוי־

סען נסיון דאס איז אלע מאל געשעהן, און ווי קליין עס איז זייער צאהל אין פארגלייך מיט ד׳ גרויסע מאסען, אויף וועמען דיזע אומגעבונג האט קיין ווירקונג ניט געהאט, מוז מען צו־געבען, אז דיזע אפטרינערס קומען גארניט אין באטראכט. פון סעפאראטיזם (אפגעזונדערטקייט) איז אלזא גאר ניטא וואס צו ריידען. די אידען האלטען זיך אפגעזונדערט. די אסי־מילאטארען, פונקט ווי די נאציאנאליסטען, זיינען אין דעם איינשטימיג, ניט מעהר, די אסימילאטארען באדויערען דאס. זיי האלטען דאס פאר א חסרון און אז אומגליק פאר דעם אידישען פאלק, ווערענד די נאציאנאליסטען, און אין דעם פרט בין איך איינער פון זיי, זיינען מיט דעם צופרידען. זיי האלטען דאס פאר א מעלה און א גליק פאר דער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאלק. „אין דעם זכות פון פיער זאכען“, שטעהט געשריבען אין תלמוד, „זיינען די אידען אויסגעלייזט געווארען פון מצרים“. צוויי פון די פיער זאכען זיינען, וואס זיי האבען ניט פארביטען זייערע נעמען און האבען ניט פארביטען זייער שפראך.

ביי מאנכע טעג עס אויסזעהן זונדערבאר, אבער עס איז א טאטזאך, אז הער שיף, צום טראץ פון זיין ליארמען געגען די אפגעזונדערטקייט פון דעם אידישען פאלק, טוט אליין, אז אמת׳ער איד ווי ער איז, פונקט דאסזעלבע. עס העלפט איהם גארניט, וואס ער רעדט ניט קיין אידיש; עס העלפט איהם גארניט דאס, וואס ער האלט זיך ביי זיין רעפארמירטע רע־ליגיע. ער שטעהט צוזאמען מיט אונז, און אפגעזונדערט פון די אנדערע. וואלט דאס ניט געווען דער פאל, וואלט ער זיך אסור געערגערט, וואס עטליכע אידישע צייטונגען האבען איהם קריטיקירט. ער, א מענש וואס האט כבוד און גדולה לרוב ביי די אומות העולם, צו וואס דארף ער קומען צו אונז און הא־בען זלזולים? אבער דא איז דער האקען: ער איז פלייש פון אונזער פלייש און בלוט פון אונזער בלוט; ער איז א קינד פון דעם אידישען פאלק; ער מוז זיין מיט אונז, ער קען ניט אנדערש. דאס איז די קראפט, דאס איז די זאפט פון דעם אידישען פאלק. צוליב וואס און פאר וואס ליידען אייגענט־ליך די אידען? צוליב וואס די גאנצע בלוטיגע היסטאריע?

צוליב וואס די אונצעהליגע מארטירער? צוליב וואס די טויזענד־יעהריגע רדיפות, די בלוט־בלבולים, די ערנידריגונג, די רציחות, די הריגות וואס מיר זיינען אויסגעשטאנען, ווען עס איז אזוי לייכט צו מאכען א סוף צו דעם אלעם? דער תירוץ איז: מיר קענען ניט אנדערש! אזוי זיינען מיר באַשאַפען געוואָרען, און אזוי וועלען מיר בלייבען. ווען עס האָט זיך געשטעלט די פראגע, און די פראגע איז שוין מעהר ווי איינמאל אויפגעקומען, זאלען מיר ווערען אנדערש און אויפהערען צו ליידען, אדער זאלען מיר ליידען און בלייבען וואס מיר זיינען? האט דאס אידישע פאלק אלע מאל אנשיידען צו ליידען און צו בלייבען דאס, וואס עס איז — אן ארגאנישע איינהייט. אין דעם פרט האט הער שיף אין פאראויס פארלארען. דאס אידישע פאלק וועט קיינמאל ניט פאלגען זיין עצה, צו האלטען זיך נאר ביי דער רעליגיע. נאך מעהר: וואלט דאס אידישע פאלק אנגענומען זיין עצה און זיך אנשליסען אן זיין פארמלאזע, רעפארמירטע רעליגיע, וואלט ער געוועזען דער ערשטער אויסצוזוכען זיך אנדערע פארמען פון אידישקייט. ווארים עס איז ניט וואהר, אז די רעליגיע איז דאס איינציגע באנד, וואס האלט צוזאמען דאס יודענטום. די רעפארמירטע רעליגיע, אבער, ווייניגער פון אלעם. עס זיינען טויזענדער, מיליאנען אנדערע פעדים, וואס קניפען דעם אידישען ארגאניזם און וואס האלטען איהם אפגעזונדערט פון אנדערע, און דיזע פעדים וועט דאס אידישע פאלק קיינמאל ניט צוריסען, ליידען, אדער ניט ליידען.

# פון וואַנען נעמען זיך די אידישע צרות

די פראגע איז אביסעל צו ברייט געשטעלט. אזוי געשטעלט קאן זי אפשר איבערהויפט ניט פארענטפערט ווערען. עס איז א טיפער און פארוויקעלטער ענין. די פראגע קאן אפילו ניט ריכטיג פארמולירט ווערען אין א קורצען ארטיקעל. זי איז דא געשטעלט געווארען אין דיזע פארמע, כדי ארויסצוברענגען בולט דעם פאקט, אז דא האנדעלט זיך ניט וועגען הער שיף, און ניט וועגען זיין רעדע. ניט איהם צו פארטיידיגען אדער צו קריטיקירען, צו לויבען אדער צו טאדלען ווערט דיזער ארטיקעל געשריבען. עס איז די פראגע גופא, די אלטע, אלטע פראגע, און די, ווי עס שיינט, אומלעזבארע פראגען, וואס קומען פון איהר ארויס, וואס אינטערעסירען דעם שרייבער פון דיזען ארטיקעל. די רעדע פון הער שיף האט נאר געגעבען די געלעגענהייט דערצו.

מיר האבען אין פריהערדיגען קאפיטעל פעסטגעשטעלט דעם פאקט, אז אידען האלטען זיך אפגעזונדערט פון זייערע שכנים. אויב מען האט דאס נאך באדארפט באווייזען, איז אבער קיין ספק ניט, אז אידען ווערען פארפאלגט, אפילו די וואס שרייען כלומר'שט, אז אידען האלטען זיך ניט אפגעזונדערט, וועלען ניט צווייפלען אין דעם פאקט. נו, שטעלט זיך איצטער די פראגע: וואס קומט פריהער? קומען די אידישע צרות פון דעם וואס זיי האלטען זיך אפגעזונדערט, אדער איז די אפזונדערונג א רעזולטאט פון די פארפאלגונג?

אויב מען זאָל ענטפערען: די אידישע אָפּגעזונדערטקייט קומט אַלס רעזולטאַט פון די פאַרפאָלגונג, און אַז דיזע אָפּזונדערונג איז אַרויפגעצוואונגען דורך אויסנאַמס־געזעצען, ווי עס ווילען האָבען אונזערע פּראָפעסיאָנעלע נאַציאָנאַליסטען; אויב מען זאָל די פראַגע אַזוי פאַרענטפערען, וועט דער ענטפער אונז גאַרניט זאָגען. ער וועט נאָך, אדרבה, מאַכען די קשיא פּיעל האַרבער. מען וועט דאַן מוזען פרעגען: פון וואַנען קומט, וואָס פּונקט די אידען האָט מען אויסגעקליבען צו האַלטען אָפּגעזונדערט מיט געוואַלט, כדי מען זאָל זיי דאַן פאַרפאָלגען? איז ניט דאָס אַליין אַ סימן, אַז די אידען האָבען זיך שוין פריהער געהאַלטען אָפּגעזונדערט, און אַז די פאַרפאָלגונג קומט טאַקע צוליעב די אָפּזונדערונג?

דער גאַנצער עניין, ווי ער ווערט ביי אונז באַהאַנדעלט איז איבערהויפּט זעהר פאַרוויקעלט. עס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַרפּלאָנטערטען קנויל מיט אַ גרויסע צאָהל עקען. אָט, דאַכט זיך, האָט מען דעם ריכטיגען עק אויפצופּלאָנטערען דעם קנויל, און אָט האָט מען איהם פאַרלוירען.

לאָמיר נעמען טאַקע דעם הער שיף, אדער יעדען אַנדערען וואָס דענקט ווי ער. פון איין זייט געהט אַן אַ געשריי, אַז אידען זיינען ניט קיין פאָלק, אַז זיי זיינען נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע; פון דער צווייטער זייט, אין דעם זעלבען אָטעם, ווערט באַהויפּטעט, אַז אידען האַלטען זיך אָפּגעזונדערט. אויב מיר זיינען נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע, פון וואַנען קומט עס, וואָס אין אַלע לענדער האַלטען מיר זיך אָפּגעזונדערט און האָבען אַ געוויסע פאַרבינדונג צווישען זיך? איז אונזערע די איינציגע רעליגיע, וואָס איז פאַרשפּרייט אין פאַרשיידענע לענדער? דער קאַטאָליציזם, דער פּראָטעסטאַנטיזם הערשען אויך אין פילע לענדער, און דאָך האָבען די „גלויבענס־גענאָסען" פון דיזע רעליגיעס קיין שייכות ניט צווישען זיך, און באַקעמפען זיך אויף לעבען און טויט. אויב מיר זיינען נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע, וואָס זיינען אונזערע פריינד אַזוי מרעיש עולם, וואָס מיר האַלטען זיך באַזונדער? אפנים, זיי פיהלען, אַז מיר זיינען עטוואָס מעהר ווי אַ רעליגיעזע סעקטע, אַז אונזער אָפּזונדערונג פאַראורזאַכט אונזערע ליידען. הער שיף'ס וועה־

נעשריי, אז מיר קאנען פאראורזאכען טראגעדיעס פאר די אי־דישע צוקונפט אין אמעריקא באווייזט, אז ער האלט, אז עס איז אונזער אפגעזונדערטקייט וואס ברענגט מיט זיך די פאר־פאלגונג.

דערזעלבער ווידערשפרוך צייגט זיך ארוים ביי אונזערע נאציאנאליסטען, הויפטזעכליך די ציוניסטען.

דער גאנצער געשריי גענגען הער שיפ'ס רעדע איז אויפגע־הויבען געווארען הויפטזעכליך פון צוויי צייטונגען. איינע פון דיזע איז „פרום־אסימילאטאריש", די צווייטע „אפיקורסיש־ציוניסטיש". אוןביידע צייטונגען האבען איין מאטיוו: זייער מאטא איז מורא! די מורא, אז אזעלכע רעדען ווי הער שיפ'ס קאנען שאדען די אידען אין רוסלאנד און פאראורזאכען פא־גראמען. די „פרום־אסימילאטארישע" צייטונג איז ארוים מיט אן ארטיקעל: הס קטיגור! ווערענד אין דער צווייטער איז געווען געשריבען, אז שיפ'ס רעדע האט געליפערט אמוניציע צו דער רוסישער רעגירונג פאר אידישע פאגראמען. דער שכל פון דיזער מורא, אויב מורא איז איבערהויפט ארעזולטאט פון שכל, קאן נאר זיין דיזער: די אידען אין רוסלאנד ווערען פארפאלגט צוליב דעם, וואס זיי האלטען זיך אפגעזונדערט; מיר אידען, אום זיך צו באפרייען פון אונזערע ליידען, לייקענען אפ דעם פאקט; מיר סטארען זיי זיך צו באווייזען, אז מיר זיינען ניט פאר זיך; און ווען עס קומט א מענש ווי יעקב שיף און איז דאס עפענטליך מודה, האט ער פארראטען אונ־זער גרויסען סוד; די רוסען קענען זיך פון דיזע רעדע, חלילה, דערוויסען, אז מיר האבען זיי אפגענארט, אז מיר האלטען זיך יא אפגעזונדערט, און זיי וועלען אונז נאך מעהר פארפאלגען.

מיר וועלען זיך דא ניט אפשטעלען צו באווייזען ווי נאריש, ווי שעדליך און ווי פאלש עס איז די מורא אלס א נאציאנאלע פאליטיק, און וויפיל נארישער, שעדליכער און פאלשער עס איז דער געדאנק, אז מען קען אין אזעלכע זאכען אפנארען; אז די אידען קענען זיך פארשטעלען דעם נאז מען זאל זיי ניט דערקאנען. מיט יאהרען צוריק איז אן ארטיקעל אין דעם „פארווערטס", אונטער דעם אויפשריפט: „דאס רעכט אויף אומוויסענהייט און פארדארבענהייט", האט דער שרייבער פון

דיזען ארטיקעל ארויסגעבראכט דעם געדאנק, אז אידען דאר־פען קעמפען פאר דעם רעכט צו לעבען אין זייער אייגענעם זכות, און ניט זיין געצוואונגען צו זיין צדיקים אדער גאונים; אז זיי דארפען זיך איינמאל פאר אלע מאל באפרייען פון די מורא, און ניט מוזען יעדעס מאל פארדעקען און פארגלעטען, ווען אן אנדער איד באגעהט א נארישקייט אדער אפארברעכען.

מיר וועלען זיך אין דיזען פונקט איצט ניט אריינלאזען. דאס איז א טעמא פאר זיך. וואס עס איז נויטיג דא אויפמערק־זאם צו מאכען איז, אז די נאציאנאליסטען וואס זיינען בא־פאלען הער שיף מיט אזא אימפעט, שטעהען אויף דעמזעלבען שטאנדפונקט וואס ער און וואס אלע איבעריגע זאגענאנטע אסימילאטארען.

די אסימילאטארען ווי די נאציאנאליסטען, ריכטיגער, די ציוניסטען, האלטען, אז די אידישע פארפאלגונג קומט אלס רעזולטאט פון זייער אפגעזונדערטקייט, און ביידע באנוצען די מורא, אלס א טייל פון זייער „נאציאנאל־דיפלאמאטיע".

די גאנצע חכמה פון די „אסימילאטארען" איז געבויט אויף דעם פונדאמענט פון מורא; דאס, וואס מען פלעגט אמאל רופען: „מה יפית". „מה יאמרו הגוים?" — וואס וועלען זאגען די גוים? דאס איז די איינציגע זאך, וואס לאזט זיי ניט רוהען. זיי ווילען בלייבען אידען; זיי ווילען דערהאלטען דאס אידישע פאלק; זיי זיינען שטאלץ אויף די אידישע פארגאנגענהייט; זיי האלטען די אידישע רעליגיע פאר ריי־נער און ערהאבענער; זיי גלויבען אין א אידישער מיסיע. נאר וואס? זיי האבען מורא די גוים וועלען זיי שלאגען פאר דעם אלעם. האבען זיי אויסגעקליבען דעם רעפארמיזם אפ־צונארען די גוים. מיר זיינען ניט קיין באזונדער פאלק, שרייען זיי, הערט אונז אויף צו פייניגען! מיר רעדען אייער שפראך, מיר האלטען אייער זונטאג, מיר האבען א טעמפעל מיט אן ארגאן, פונקט ווי איהר; מיר שאקלען זיך ניט ביים דאווענען, שלאגט אונז ניט! אבער הינטען ארום ווייזט מען זיי א פייג. דאס אלץ טוען מיר נאר זיי אפצונארען. אין אמת'ען זיינען מיר אידען, און די איבעריגע אידען זיינען אונזערע גענאסען, טאקע גלויבענס־גענאסען, אבער גענאסען. מיר אינטערעסי־

רען זיך מיט זיי ווי מיט אייגענע; עס טהוט אונז וועה, ווען זיי ליידען. מיר האבען באזונדערע צדקות, ספעציעל אידישע צדקות; אין אמעריקא האבען מיר זיך פארפליכטעט, אז זיי זאלען קיינמאל ניט פאלען צו לאסט אויף די אנדערע, און מיר בעטען זיי, זיי זאלען זיך ניט האלטען אפגעזונדערט, כדי ניט צו פאראורזאכען קיין טראגעדיעס פאר די צוקינפטיגע דורות.

דאסזעלבע איז מיט אונזערע נאציאנאליסטען, נאר א בי־סעלע אנדערש. וואס צעארבייטען זיי ניט און צעאקערען ניט אויפצואוועקען דאס אידשע נאציאנאל־באוואוסטזיין? זיי בוי־ען אויף דעם, וואס דאס אידישע פאלק איז אן אייגענארטיג פאלק, מיט אן אייגענע שפראך, מיט אייגענע צוויי שפראכען, ווי מאנכע ווילען האבען; מיט אן אייגענער קולטור, מיט אן אייגענער פסיכיק, מיט אן אייגענער עקאנאמיקע, ווי די „מארקסיסטען" צווישען זיי ווילען האבען, און ווען עס קומט א מאן ווי יעקב שיף און זאגט — זיי דענקען, אז ער זאגט — אידען ליידען צוליעב דעם, וואס זיי האלטען זיך אפגעזונדערט, קלאפט מען א טרעוואגע: אנטיסעמיטיזם! גלויבען זיי טאקע, אז יעקב שיף איז אן אנטיסעמיט? ניין! זיי פרעדיגען דאך די אפגעזונדערטקייט; ניט מעהר, פונקט ווי הער שיף גלויבען זיי, אז די אידען האלטען זיך אפגעזונדערט, און אז די פארפאלגונגען וואס זיי האבען אויסצושטעהן, קומען פון דיזע אפזונדערונג. און זיי, פונקט ווי הער שיף, האבען מורא, אז מען וועט זיי דערפאר נאך מעהר שלאגען, און זיי דענקען, אז זיי קאנען אפנארען דעם גוי. סיי ווי, זעהען מיר, אז די צוויי פראקציעס אין דעם יודענטום האלטען ביידע, אז די אי־דישע אפגעזונדערטקייט קומט פריהער, און די פארפאלגונגען און די אויסנאמס־געזעצען קומען שפעטער. און דאס איז דער אמת. פונקט ווי עס איז אמת, אז די פארפאלגונגען זיי־נען א רעזולטאט פון דעם סעפעראטיזם. ווי שוין געזאגט, איז די פראגע א פארפלאנטערטער קנויל. עס איז אויך אמת, אז די אפגעזונדערטקייט ווערט נאכהער אויף זיי ארויפגעצוואונ־גען, און זייער ליידען ווערט אויף אזויפיל גרעסער, אבער מיר ריידען דא פון דעם אנהויב. און דעם אנהויב האבען די אידען

געמאַכט. און אויך דאָס זעהען מיר אין דער גאַנצער אידישער היסטאָריע.

עס מוז דאָ נאָך אַמאָל געזאָגט ווערען, אַז עס איז דאָ, אין דיזען אַרטיקעל, אוממעגליך צו ברענגען די היסטאָרישע באַווייזע. אַלץ, וואָס קאָן דאָ געטאָן ווערען איז, צו מאַכען די באַהויפּטונגען. מיר ווילען דאָרורך נאָר זאָגען, אַז אין די גאַנצע אידישע וואַנדערונגען האָבען זיי אַלע מאָל אָנגעהויבען אָדער מיט גלייכע רעכטע, אָדער מיט ספּעציעל פּריווילעגיעס. אין גריכענלאַנד, ווי אין רוים; אין אַראַביען, ווי אין שפּאַניען; אין איטאַליען, ווי אין דייטשלאַנד; אין עסטרייך, ווי אין פּוילען האָבען די אידען אָנגעהויבען, אָדער מיט גלייכע רעכטע, אָדער מיט ספּעציעלע פּריווילעגיעס. און עס האָט גאָר אַנדערש ניט געקאָנט זיין. די פֿאַרפֿאָלגונג איז געקומען ערשט שפּעטער, הויפּטזעכליך צוליעב די אידישע אָפּגעזונדערטקייט.

ביי דיזען פּונקט איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען דאָס פֿאָלגענדע: אונזערע „פּאַרטיידיגער“ שרייען, אַז די אידען האַלטען זיך ניט אָפּגעזונדערט, נאָר אַז מען צווינגט זיי צו דעם דורך אויסנאַמס־געזעצען. וואָלט מען דיזע געזעצען ניט געמאַכט, הייסט עס, וואָלט מען זיי געלאָזען צורוה, וואָלטען זיי זיך דאַן אַסימילירט. די געשיכטליכע פֿאַקטען באַשטעטיגען ניט אימער דיזע מיינונג. פּונקט פֿאַרקערט: די מייסטע קעמפּע און צרות, וואָס די אידען זיינען אויסגעשטאַנען, איז געווען זיך צו ווערען געגען געצוואונגענע אַסימילאַציע, געגען דעם צוואַנג אויפצוגעבען די רעליגיע. אין דעם אייגענעם לאַנד, ווי אין גריכענלאַנד, ווי אין רוים, ווי אין שפּאַניען, זיינען זיי געווען מאַרטירער, געליטען און געקעמפּט געגען געצוואונגענער אַסימילאַציע. זיי זיינען געווען אַסימילירט אַזוי לאַנג, ווי מען האָט זיי געצוואונגען. אַזוי שנעל ווי דער צוואַנג איז דורך דער אָדער יענער אורזאַכע אוועקגענומען געוואָרען, זיינען זיי ווידער געווען אידען, אָפּגעזונדערטע אידען. די גרויסע פּעריאָדען אין דער אידישער היסטאָריע, ווען דער אידישער גייסט האָט זיך פריי ענטוויקעלט און געשאַפֿען זיינע גרויסע ווערק, ווען אידישע חכמה האָט געבליהט, זיינען געווען די פּעריאָדען פֿון מעהר אָדער ווייניגער פרייהייט. אָנהויבענדיג פֿון בבל,

איבערגעהענדיג צו גריכענלאנד, צו רוים, אראביען, שפאניען, האלאנד, דייטשלאנד און פוילען זעהט מען דיזעלבע ערשיינונג. מען דארף נאר דערמאנען דעם תלמוד, די ווערק פון פילון היהודי, יוסיפון, דעם רמב"ם, יהודה הלוי און די איבעריגע פאעטען און פילאזאפען פון די אראביש־שפאנישע פעריאדע; שפינאזא, מענדעלסאן און די אידישע געלערנטע אין דייטש־לאנד און אין פוילען. סאי אין וועלטליכע לעהרען, סאי אין רעליגיעזע זאכען, האבען די אידען מייסטענס געשאפען אין די צייטען, ווען זיי זיינען געווען מעהר אדער וועניגער פריי. פון דער צווייטער זייט זיינען די אידען אין שפאניען געווען פאלשטענדיג אסימילירט, ווען זיי זיינען פון דארט פארטרי־בען געווארען. די אסימילאציאן האט זיי ניט געשיצט.

טאמער דארף מען נאך באווייזע, איז אמעריקא א גוטער באווייז. אין אמעריקא, וואו די געשיכטע ווערט אויפ'ס־ניי געמאכט אונטער אונזערע אויגען, אזוי צו זאגען, ווידערהאלט זיך דאסזעלבע ווי אין אלטע צייטען. אין אמעריקא, אין די גאט־געבענשטע פרייע אמעריקא, האבען די אידען אנטוויקעלט א ברייטע און טיפע נאציאנאלע טעטיגקייט, א טעטיגקייט, וועלכע באשרענקט זיך ניט אויף דעם אייגענעם לאנד, נאר וואס איבט אוים דעם איינפלוס פאר אלע אידען, אין אלע לענ־דער. אזוי האבען די אידען געטאן אין בבל, אזוי האבען זיי געטאן אין אלעקסאנדריען, אין רוים און איבעראל. דאס איז אידיש. פון שטאנדפונקט פון מורא האט הער שיף אפשר רעכט. די גאנצע זאך איז נאר, וואס זיין מוסר'ן וועט ניט העלפען. ניט וועלען די אידען איהם פאלגען און ניט וועט זיין עצה העלפען, ווען זיי זאלען איהם אפילו פאלגען.

וואס זיינען די אורזאכען פון , עם ? אורזאכען זיינען פאראן פילע און פארשיידענע. אבער עס איז ניט דא אונזער אויפגאבע אנצואווייזען די אורזאכען. די אויפגאבע, וואס מיר האבען זיך דא געשטעלט, איז געווען צו ענטפערען אויף צוויי פראגען: האלטען זיך אידען אפגעזונדערט ? און, ליידען זיי צוליעב אפגעזונדערטקייט ? די צוויי פראגען זיינען פארענט־פערט געווארען מיט יא. אבער זוכענדיג אן ענטפער אויף דיזע צוויי פראגען, זיינען מיר געקומען צו א נייעם פונקט:

עס איז פעסטגעשטעלט געווארען, אז אידען האלטען זיך אפ־געזונדערט, און אז די צוויי טויזענד יאהריגע פארפאלגונגען קומען צוליב אפגעזונדערטקייט. עס איז אויך פעסטגעשטעלט געווארען, אז אידען ווילען ניט און וועלען ניט אויפהערען צו זיין אפגעזונדערט, און וועלען, שליסליך, מוזען ליידען. און ערשט דא הויבט זיך אן די אמת'ע פראבלעמע. די גאנצע „יודען־פראגע" הויבט זיך אן ווען עס קומט צו דיזען פונקט. די פראגע איז איצט: וואס זאלען מיר טאן, צו האבען דאס איינע אהן דעם אנדערען? מיט אנדערע ווערטער: ווי אזוי מאכט מען, אז אידען זאלען בלייבען אידען און זאלען אויפ־הערען צו ליידען? דאס איז די אמת'ע פראבלעמע, די אמת'ע „יודען־פראגע". זי איז ענטשטאנען אין דעם 19טען יאהר־הונדערט. ביז דעם 19טען יאהרהונדערט האבען די אידען קיין פראבלעמען ניט געהאט. זיי האבען געהאט באשלאסען צו בלייבען אידען און צו ליידען, ביז משיח וועט קומען. דאס 19טע יאהרהונדערט האט די פראגע אויפגענומען. מיר ווילען זיין אידען, איז די טענה, אבער מיר ווילען ניט מעהר ליידען. וואס טוט מען?

# רעליגיע, ציוניזם און אידישיזם

רעליגיע, ציוניזם און אידישיזם זיינען אין אונזערע צייטען געווארען דריי סיסטעמען, דריי מעטאדען וואס זוכען, יעדע אויף איהר אייגענער ארט, צו פארענטפערען די אייביגע און פארשאלטענע „יודען־פראגע“. דאס איז ניט אלע מאל געווען אזוי. פריהער איז די רעליגיע געווען א זאך פאר זיך, א זעלבסט־צוועק, און האט ניט געדינט קיין אנדערע אידעען, אויסער איהר אייגענע. די אידעע פון ציון, פון ירושלים, איז געווען א טייל, דער גרעסטער טייל פונ'ם אידישען לעבען. יעדען טאג, ביים דאווענען, האט יעדער איד געבעטען גאט, ער זאל איהם צוריקברענגען קיין ציון מיט געזאנג, און נאך דעם דאווענען פלעגט ער זאגען: „איך גלויב אויפריכטיג און עהרליך, אז משיח וועט קומען, און הגם ער פארזאמט זיך אביסעל, ער־ווארט איך פונדעסטוועגען יעדען טאג זיין אנקומען“. אזוי ארום האבען די אידען אין די פריהעריגע צייטען געלייזט זיי־ערע פראבלעמען: ליידען, ווארטען און האפען אויף משיח'ן — האפען און ערווארטען, ביז ער וועט קומען צו רייטען אויף אן עזעל. צו געברויכען די רעליגיע, אדער די האפנונג אויף ציון אלס מיטעל צו לייזען די „שאלת היהודים“, איז קיינעם ניט איינגעפאלען. עס וואלט באטראכט געווארען פאר א גרויסע עבירה, פאר א גאטס־לעסטערונג. „דוחק זיין דעם קץ“, צו־טרייבען דעם סוף פון גלות — איז געווען א גרויסער חטא. און ווען עס איז איינציגע מענשען סוף־כל־סוף איינגעפאלען, איז דאס זעהר ביטער באקעמפט געווארען פון דעם גאנצען יודענטום. אידישיזם, ווידער, איז אויף דער וועלט ניט געווען.

עס איז געווען אידיש, אדער אידיש־טייטש, אדער זשארגאן. אז אידיש זאל דערהויבען ווערען צו אן „איזם“, צו „אידי־שיזם“ — ווער האט אזא זאך געקאנט דענקען? אין א געווי־סען זין איז דאס באטראכט געווארען נאך פאר א גרעסערען חטא, ווארים דאס איז שטארק באקעמפט געווארען אפילו פון די, וואס האבען מתיר געווען די רעליגיע און דעם ציוניזם אלס באוועגונגען. אידען האבען גערעדט אידיש, ווייל זיי האבען עפעס אנדערש ניט געקאנט ריידען. פונקט ווי דער „אלרייט־ניק“, אין מאליער'ס קאמעדיע, וואס האט זיין גאנץ לעבען גערעדט פראזא און האט ניט געוואוסט, אז דאס איז פראזא, אזוי האבען די אידען הונדערטער יאהרען גערעדט אידיש און האבען ניט געוואוסט, אז דאס וואס זיי ריידען איז א שפראך. דורך פארשיידענע אורזאכען, וועלכע האבען געפירט צו די נייע נאציאנאליסטישע באוועגונג אין דעם יודענטום, איז אי־דיש דערהויבען געווארען צו אידישיזם.

פאר פילע לעזער וועלען דיזע באהויפטונגען אפשר אויס־קומען אומפארשטענדליך. מיר וועלען דעריבער ערקלערען יעדען פון דיזע דריי פונקטען באזונדער. אין דיזען ארטיקעל וועלען מיר נאר ריידען פון דער רעליגיע אלס א באוועגונג צו לייזען די „יודען־פראגען“. נאטירליך, אויף וויפיל דער פלאץ אין א קורצען צייטונגס־ארטיקעל וועט עס ערלויבען. מיר מו־זען ווידער און אבער ערקלערען, אז דא קענען די פראגען ניט אויסגעשעפט ווערען.

איידער מיר געהען ווייטער, איז נויטיג איין באמערקונג:

מיר זיינען געוואוינט צו פארטיילען די אידען אין צוויי פארטען: נאציאנאליסטען און אסימילאטארען. נאציאנאליס־טען רופען מיר די אידען, וואס שטרעבען צו אבזאלוטיזיני־געס נאציאנאלעס לעבען, און אסימילאטארען רופען מיר די אידען, די רעפארמירטע „יהודים“, ווי מען רופט זיי דא, אדער די „דייטשען“, ווי מען רופט זיי אין פוילען; די וואס טענה'ן, אז אידען זיינען ניט קיין פאלק, נאר א רעליגיעזע סעקטע. דורך א מערקווירדיגע מיספארשטענדניס, ריידען מאנכע פון חסידים־אסימילאטארען, מיינענדיג די אידען, וואס ווילען זיך ניט אנשליסען אן די נאציאנאלע באוועגונג.

דיזע באצייכנונג איז א פאלשע. מען האט אמאל א חסידישען רבי'ן דערצעהלט פון א אידען, וואס האט זיך גע־שמד'ט. „דאס איז ניט אמת, א איד שמד'ט זיך ניט!“ — האט דער רבי געענטפערט. דאסזעלבע קען מען זאגען וועגען אונ־זערע „אסימילאטארען“. עס זיינען ניטא קיין אידישע אסי־מילאטארען, די אסימילאטארען זיינען ניט קיין אידען, און די וואס זיינען אידען, זיינען ניט קיין אסימילאטארען. די זאגע־נאנטע אסימילאציע ביי אונז איז א באוועגונג צו פארבעסערען די לאגע פון דעם אידישען פאלק; א פארקערטע באוועגונג, אמת, אבער א אידישע באוועגונג, פאר דעם אידישען פאלק, פונקט ווי עס איז דער ציוניזם, אדער דער אידישיזם. אונזערע „אסימילא־טארען“ ווינשען ניט דעם אונטערגאנג פונ'ם יודענטום; אדרבה, זיי זוכען עס אויפצוהאלטען מיט אלע מיטלען. די רעפארם באוועגונג איז נאר א מיטעל צו דעם צוועק. זיי פאר־לייקענען די עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאלק, כדי צו פאר־זיכערען און פארלענגערען אט די עקזיסטענץ. ווידערשפרעכיג ווי דאס קלינגט, איז עס אבער דער אמת. מיר וועלען שפע־טער זעהן, אז דיזער ווידערשפרוך איז די הויפט־אורזאך פון זייער קליינעם ערפאלג; אבער דאס נעמט ניט אוועק דעם פאקט, אז די באוועגונג איז א אידישע באוועגונג. „יעדע ערא אין דער געשיכטע פון יודענטום איז וויכטיג. די געגענווארט קאן זיך אפטיילען פון דער פארגאנגענהייט פונקט אזוי ווייניג, ווי עס קאן זיך אפטיילען א באזונדער גליד פון א קערפער און זאל דערביי ניט ליידען גרויסען שאדען“. אזוי האט גע־שריבען אברהם גייגער, דער גרויסער אפאסטאל פון דער רע־פארם באוועגונג. און דיזער געדאנק ווידערהאלט זיך ביי יעדען איינעם פון די גרויסע רעפארמער פון די פערציגער יאה־רען פון דעם לעצטען יאהרהונדערט. אונזערע „אסימילאטא־רען“ זיינען רעפארמער, ניט קיין אסימילאטארען. זיי ווילען אויסבעסערען כדי צו פארשטארקען, אבער ניט פארניכטען.

נאך דיזע אלגעמיינע באמערקונג קאנען מיר זיך צוריק־קערען צו אונזער פונקט.

די אידישע פראבלעם, ווי מיר האבען געזעהן איז א פריי־העריגען ארטיקעל, איז א צווייפאכע: דער „קיום האומה“ און

די באַפרייאונג פון די ספּעציעלע פאַרפאָלגונגען. ווי אַזוי מאַכט מען אידען זאָלען בלייבען אידען און זאָלען צו דערזעלבער צייט אויפהערען צו ליידען?

דאָס איז די פּראָבלעם. אונזערע רעפאָרמער, די זאָגענאַנטע אַסימילאַטאָרען, האָבען די ערשטע פּראָבירט צו פאַרענטפערען די טאָפּעלטע פראַגע. זיי האָבען געזעהן דעם אומשטרייטבאַרען פאַקט פון די אידישע אָפּגעזונדערטקייט, זיי האָבען אויך געזעהן דעם צווייטען אומווידערלעגליכען פאַקט פון אידישע פאַרפאָלגונגען אַלס רעזולטאַט פון דיזע אָפּגעזונדערטקייט. כדי די פאַרפאָלגונג אויף אידען זאָל אויפהערען, איז נויטיג, אַזוי האָבען זיי געדענקט, די אָפּגעזונדערטקייט זאָל ווערען אָפּגעשאַפט, אָבער דאָס קאָן צושטערען און פאַרניכטען דאָס יודענטום. דאָס האָבען זיי ניט געוואָלט, דאָס האָבען זיי געזוכט צו פאַרהיטען. און זוכענדיג אַן ענטפער אויף דיזער פאַרפּלאָנטערטער פראַגע, האָבען זיי געפונען די רעפאָרם. וואָס איז די שטאַרקע, די אייזערנע קייט וואָס האַלט די אידען אַזוי פעסט צוזאַמען, אַז קיינע ליידען, קיינע פאַרפאָלגונגען, קיינע נגישות קאָן זיי ניט צורייסען? דאָס איז געווען די ערשטע פראַגע. און דער תירוץ איז געווען: די רעליגיע. עס איז די אידישע רעליגיע, וואָס האָט געהאָלפען די אידען אריבערקומען אַלע צרות. רעליגיע איז אויך די אורזאַכע פון אַלע צרות. אויב עס וואָלט מעגליך געווען די רעליגיע צו רעפאָרמירען אויף אַזוי פיעל, אַז זי זאָל ווייטער דינען אַלס אַ באַנד פאַר דעם אידישען פאָלק, און זאָל צו דערזעלבער צייט איהם ניט האַלטען אָפּגעזונדערט פון די פעלקער, צווישען וועלכע ער לעבט, וואָלט די גאַנצע אידישע פּראָבלעם, וואָלט די צווייפאַכע פראַגע מיט איינמאָל פאַרענטפערט געוואָרען. און דיזע רעפאָרם האָבען זיי געפונען, ווי זיי האָבען געדענקט. זיי האָבען דעריבער ערקלעהרט, אַז אידען זיינען בירגער פון יעדען לאַנד, אין וועלכען זיי וואוינען אָדער זיינען געבוירען געוואָרען. פון דער רעליגיע האָבען זיי אָפּגעשאַפט אַלע תפילות, וואָס האָבען שייכות צו ארץ־ישראל, אָדער צו דעם אַהיינקעהרען קיין ארץ־ישראל; אַלס בירגער פון די לענדער וואו זיי וואוינען, מוזען זיי זיך באַנוצען מיט די לאַנדעס־שפּראַך,

און זיי מוזען אויפגעבען זייער קוידער־וועלש — דעם זשארגאן. אויב זיי זיינען בירגער פון דעם לאנד, וואו זיי וואוינען, מוזען זייערע שולען, זייערע תפלות, זייער שבת זיין ניט אנדערש, אויפ׳ן אויסזעהן לכל־הפחות, פון דעם פאלק, צווישען וועלכען זיי וואוינען; טארען זיי ניט האפען אויף קיין אנדער לאנד, אויף ארץ־ישראל. זיין מוזען, מיט איין ווארט, זיין דייטשען אדער פאליאקען א. ז. וו. בני דת משה. אזוי ארום וועט אויס־קומען, אז די אידען וועלען בלייבען אידען און וועלען מעהר ניט ליידען אלס פרעמדע און אפגעזונדערטע.

קיינער פון די רעפארמערס האט ניט ארויסגעזאגט דיזע געדאנקען אויף אזא אופן. די באוועגונג גופא האט זיך ניט אזוי ארום אנגעהויבען. ווי אלע געזעלשאפטליכע באוועגונ־גען איז אויך דיזע באוועגונג ארויסגעוואקסען פון די לעבענס־נויטווענדיגקייט, פון די נייע באדינגונגען. מען קאן אייגענט־ליך זאגען, אז עס איז געווען פארקערט: ניט איז די רעפאר־מעריי געקומען, אום צו פארשאפען אידען פרייהייט, נאר נאכ־דעם ווי די פרייהייט איז געקומען, איז די רעפארם־באוועגונג באשאפען געווארען. די נייע אומשטענדען, הויפטזעכליך די אינדוסטריעלע ענטוויקלונג, האט צוריסען די קייטען, וואס האבען אידען געהאלטען אין די געטאס, און צורייסענדיג די געטא־קייטען, האבען זיי אויך מיטגעריסען שטיקער פון די רעליגיע־זע קייטען. אויף די פרייע לופט האבען פילע אידען ניט גע־קאנט פארטראגען דעם געערוך פון די אלטע מנהגים. אידען זיינען געווארען „אלרייטניקעס“; די אמאליגע פראצענטני־קעס זיינען, אונטער די נייע אומשטענדען, געווארען באנקירען אויף דער בערזע, און דער אידישער שבת און אנדערע דינים זיינען זיי געשטאנען אין וועג, און פילע האבען אהן צערע־מאניעס זיך אפגעריסען פון יודענטום. אבער דאס איז אלץ געווען איידער די שטרעמונג האט אנגענומען א פארם. אזוי שנעל ווי דער נייער אידישער דור האט זיך גענומען פאר־טראכטען וועגען דער צוקונפט פון אידישען פאלק, האט עס גענומען זוכען וועגען און מיטלען ווי אזוי דאס צו פארהי־טען, און עס איז אויסגעארבייט געווארען אט דיזער געדאנקען־גאנג, ווי מיר האבען דאס איבערגעגעבען אויף אונזער אייגע־

נעם אופן. איינע פון די גרויסע טענות פון די רעפארמער איז געווען, אז די ארטאדאקסישע רעליגיע מאכט אז טאפעלטע צרות: פון איין זייט האלט עס די אידען אפגעזונדערט און איז די אורזאך פון אלע צרות; פון דער צווייטער זייט טרייבט עס דעם נייעם דור, וועלכער קען ניט מעהר פארטראגען דעם עול פון אלע דינים, גזרות, סיגים און מנהגים אין דער שמד. ווען מען זאל מאדערניזירען די אידישע רעליגיע און איהר ברייננגען אין איינקלאנג מיט דעם לעבען פון דער נייער צייט, וועט עס אונז באפרייען פון אלע רדיפות און נגישות און וועט אונז מאכען שטארקער מיט דעם, וואס דער יונגער, מאדערנער דור וועט בלייבען מיט אונז.

עס וועט אונז פירען צו ווייט, און עס וועט אויך ניט זיין אינטערעסאנט, זיך אריינצולאזען אין אלע איינצעלהייטען פון דער רעפארם באוועגונג. עס וועט דעריבער זיין גענוג אנצו־ווייזען אויף עטליכע פונקטען, פאר וואס דיזע באוועגונג, וואס האט אין זיך א געזונטען קערן, איז אזוי שטארק באקעמפט געווארען פון דעם איבעריגען יודענטום, און פאר וואס עס האט צו פארצייכענען אזא קליינעם ערפאלג.

אבגעזעהן פון דעם, וואס די גאנצע באוועגונג איז געווען צוגעשניטען צו דער מאס פון די נייי־אויפגעקומענע אידישע בור־זשואזיע, און האט דורך דעם אליין שוין ניט געקאנט אריינ־דרינגען אין די גרויסע מאסען פון פאלק, איז זי געווען גע־בויט אויף אן אינערליכען ווידערשפרוך, אויף א טעות אין די אנזיכטען איבער דער אידישער רעליגיע. דיזען טעות מאכען די רעפארמער צוזאמען מיט פילע אנדערע. אבער דאס ענדערט ניט די זאך.

אויף דער פראגע, פון וואנען קומט עס, וואס די אידען האל־טען זיך אפגעזונדערט, ענטפערט מען געוועהנליך: עס איז די אידישע רעליגיע, וואס איז שולדיג אין דעם. עס קומט אויס, אז עס איז עפעס דא ערגעץ א רעליגיע, וואס האט זיך אנ־געזעצט אויף די אידען און האלט זיי אפגעזונדערט, כדי זיי זאלען ליידען צרות; עס קומט אויס, אז די רעליגיע איז גע־ווען פריהער, און דיזע רעליגיע האט דאס געמאכט פון די אי־דען דאס וואס זיי זיינען — אנדערש ווי אלע מענשען. אז

די אידען האבען אויסגעארבייט א רעליגיע לויט זייער כאראק־
טער און זייערע אומשטענדען, דאס פאלט קיינעם, ווי עס
שיינט, ניט איין. עס איז ניט צו לייקענען, אז די רעליגיע,
ווי יעדע אנדערע גרויסע אידעע, האט איהר טיפע ווירקונג
אויף א פאלק, אבער צו זאגען, אז די רעליגיע קען מאכען פעל־
קער, אז די אידישע רעליגיע האט געמאכט פון דעם אידישען
פאלק דאס, וואס עס איז, איז פונקט ווי מען זאל זאגען, אז ניט
די מענשען באשאפען אידעען, נאר אז אידעען באשאפען מענ־
שען; אז דער ציוניזם האט באשאפען די ציוניסטען, דער
סאציאליזם — די סאציאליסטען, א. ז. וו. וואס וואלט מען
געדענקט פון א מענשען, ווען ער זאל זיך אונטערנעמען צו בא־
ווייזען, אז דער קאטאליציזם האט באשאפען דאס פראנצויזי־
שע פאלק; אז דער פראטעסטאנטיזם האט באשאפען דאס
דייטשע פאלק; די ענגלישע קירך — דאס ענגלישע פאלק, א.
ז. וו.? דער אמת איז: די מענשען מאכען פאר זיך רעליגיעס,
ניט די רעליגיעס — די מענשען. דאסזעלבע איז אמת בנוגע
אידען. ניט זיינען די אידען דאס וואס זיינען, ווייל זיי האבען
אזא רעליגיע, נאר זיי האבען אזא רעליגיע, ווייל זיי זיינען
דאס וואס זיי זיינען. עס זיינען געווען טויזענדער היסטארישע
אורזאכען, וואס האבען בייגעטראגען צו דער ענטוויקלונג פון
דער אידישער רעליגיע, און דיזע אורזאכען האבען גורם געווען,
אז די איז'ישע רעליגיע זאל זיין אנדערש ווי אלע אנדערע.
עס איז דארורך א טעות צו דענקען, אז מען קאן דיזע רעליגיע
ענדערען דורך רעזאלוציעס, אדער אפילו היסטארישע באווייזע.
ביי דעם אידען איז די רעליגיע ניט נאר א מעטאדע פון „גאטעס־
דינסט, וואס ווערט געפראוועט פרייטאג פארנאכט, אדער זונטאג
אין דערפריה, ווען די בערזע איז געשלאסען, אדער די קראמען
סאי־ווי פארמאכט. די אידישע רעליגיע איז דורכגעוועבט מיט
דעם אידישען לעבען. פון דער מינוט וואס ער ווערט געבוי־
רען ביז די לעצטע מינוט פון זיין לעבען, זיין גאנצעם דאזיין,
זיין האנדלען און וואנדלען, זיין מאראלישע קראפט, זיין לע־
בענס־אנשויאונג, איז איין רעליגיעזע צערעמאניע און מען קאן
דיזע רעליגיע ניט ענדערן, אויב דאס גאנצע לעבען ענדערט זיך
ניט. עסטעטישע געפיהלען און פערזענליכע באקוועמליכקייט

קאנען נאר האבען אז איינפלוס אויף איינציגע מענשען, וועלכע האבען שוין פון פריהער פארלוירען די רעליגיע. אבער ניט אויף א גרויסע מאסע, וועלכע איז דורכגעווייקט אין רעליגיע. עס איז דאס לעבען אליין, וואס פיהרט אייז רעפארמען, אבער דאס ווערט געטאן לאנגזאם און פארזיכטיג, אין איינקלאנג מיט דעם לעבען. עס איז דאריבער פאלש צו זאגען: די אידישע רעליגיע האלט די אידען אפגעזונדערט. מען דארף גיכער זאגען, אז דאס אידישע פאלק, אלס רעזולטאט פון זיין פריהעריגע היסטאריע, האלט זיך אפגעזונדערט און עס האט פאר זיך גע־שאפען א רעליגיע, וואס שטעהט אין איינקלאנג מיט דעם.

אנאנדער אורזאך, וועלכע איז פונקט אזוי וויכטיג, איז דיזע:

גרויסע אידעען קענען נאר דינען זייערע אייגענע צוועקען. קוים וויל מען די אידעען אנווענדען פאר א מיטעל צו אנאנדער צוועק, דינט זי ניט יענעם צוועק און פארלירט נאך דערצו איהר אייגענעם ווערט. זי ווערט אוים אידעע. דאס האט פאסירט מיט די רעפארם באוועגונג. אנשטאט דעם, וואס די רעליגיע זאל דינען איהר אייגענעם צוועק. אנשטאט דעם, וואס זי זאל זיין א פאראייניגונג פון דעם שטערבליכען מיט דעם אייביגען, אן אויסגוס פון דעם הארץ, וואס איז איבערפילט מיט יראת הכבוד און ערשטוינונג; וואס פארבאט צו פרעגען קשיות און פארענטפערט אלע קשיות — אנשטאט דעם איז זי אין די הענט פון די רעפארמער געווארען א מיטעל, א דינסט־מויד, אזוי צו זאגען, צו אן אנדער אידעע, צו דער אידעע פון „קיום האומה“. די רעליגיע האט אזוי ארום פארלוירען דעם אנדערן ווערט. ווארים אזוי שנעל ווי די רעליגיע ווערט א מיטעל, אן אינסטרומענט פאר אנאנדער זאך, ווערט זי אוים רעליגיע, און קען שוין ממילא ניט דינען דעם צוועק, צו וואס זי ווערט באנוצט.

דער באנקראט פון דער רעפארם באוועגונג האט דאס אם בעסטען באוויזען. אנגעהויבען האט זי מיט דעם געדאנק דורך רעפארם פון דער רעליגיע אפצושאפען די אידישע אפגעזונ־דערטקייט, צו פארקלענערען די רדיפות און צו דערהאלטען ביים יודענטום די אפטריניגע. ניט איינע פון די אלע זאכען

האט זי אויסגעפירט: עס האט די אידישע אפגעזונדערטקייט ניט אפגעשאפט, עס האט די אפטריניגע ניט דערהאלטען ביים יודענטום; עס האט, אדרבה, געעפענט טיר און טויער פאר די שמד און עס האט די אידישע ליידען ניט געמינדערט. ניט אומזיסט רעוואלטירט דער אידישער אינסטינקט געגען רעפארם.

# קען דער ציוניזם לעזען די אידישע פראגע?

די באוועגונג צו רעפארמירען די אידישע רעליגיע, ווי מיר האבען געזעהן, איז אין אמת געווען א באוועגונג צו פארענט־פערען די „שאלת היהודים״, מיט דער רעליגיע אלס א מיטעל. זי האט די פראגע ניט געלייזט. דער גרונד, אויף וועלכען די רעפארמער האבען געזוכט צו בויען, קאן ניט פארטראגען קיין פרעמדע זריעה. נאך מעהר, זיי האבען דעם גרונד גארניט גע־האט אונטער זייערע פיס. עס איז פאר זיי געווען א פרעמד פעלד. זיי האבען זיך גענומען צו רעפארמירען די רעליגיע, נאכדעם ווי זיי האבען איהר שוין געהאט פארלארען, אדער פארווארפען.

אבער די „פראגע״ וויל ניט רוהען. זי בעט אן ענטפער. און עס איז ענטשטאנען א „נייע״ באוועגונג, — די ציוניסטישע באוועגונג.

אויף דער טאפעלטער פראגע: „ווי אזוי מאכט מען די אידען זאלען בלייבען אידען און זאלען, אין דערזעלבער צייט אויפהע־רען צו ליידען, האט דער ציוניזם איין תשובה, — א קלארע און א שארפע תשובה: אין גלות איז ניט מעגליך צו פארענט־פערען די פראגע, זאגט דער ציוניזם. אויב אידען בלייבען אין גלות, זאגט דער ציוניזם, מוז געשעהן איינס פון די ביידע: זיי מוזען ענטוועדער אייביג ליידען, אדער זיי מוזען אויפהערען צו זיין אידען. אויב די אידען ווילען זיך באפרייען פון זייערע רדיפות און בלייבען אידען, מוזען זיי זיך באפרייען פון דעם גלות; זיי מוזען אפלייגען אלע זייערע כחות אויף דעם איין־איינ־ציגען ציעל, צו באלעבען זייער אלטעם לאנד, פאלעסטינא, וואו

זיי זאלען זיך ווידער באזעצען אלס א פאלק; וואו זיי וועלען קאַ־נען לעבען זייער אייגענארטיגעס לעבען; וואו זיי וועלען ווײַ־טער ענטוויקלען זייער אלטע שפראך, קולטור און פאלקס־לעבען, וועלכעס איז איבערגעריסען געווארען שוין העכער צוויי טוי־זענד יאהר. קיין אנדער וועג זעהט דער ציוניזם ניט. און מען מוז זאגען דעם אמת: דער ציוניזם האט די לאגיק אויף זיין זייט. שוין דער איינציגער פאקט, וואס די אידען זיינען צושפרייט אין אלע לענדער, ציוויליזירטע און ניט־ציוויליזיר־טע; לענדער, וואס שטעהען אויף פארשיידענע שטופען פון אינדוסטריעלער און קולטורעלער ענטוויקלונג — שוין דער פאקט אליין מאכט עס אוממעגליך פאר די אידען צו זיין אן איינהייטליכעס פאלק אין דעם זינען, ווי דאס ווארט „פאלק“ ווערט געוועהנליך פארשטאנען. די אייגענארטיגקייט פון דעם אידען, פון דער צווייטער זייט, שליסט אויס די מעגליכקייט פון א פולשטענדיגעם באפרייען זיך פון די פארפאלגונגען. עס איז אפילו ניט מעגליך אין אזא לאנד ווי אמעריקא. די לאגיק איז אזוי ארום פאלשטענדיג מיט די ציוניסטען. ניט מעהר, עס איז די לאגיק געטריבען צו אבסורדען. דער ציוניזם וואלט ווירקליך געקאָנט לייזען די „יודען־פראגע“. אבער דער ציוניזם האט איין חסרון, וואס האט צוויי פנים׳ער. דער חסרון באַ־שטעהט אין דעם, וואס ניט דאס לאנד וויל די אידען און ניט די אידען ו ילען דאס לאנד; ניט דאס לאנד פאסט זיך פאר די אידען, א ניט די אידען פאסען זיך פאר דאס לאנד. פון דיזען איינפאַכען אמת קאן מען זיך ניט ארויסדרעהען. וואלט דאס ניט געווען אזוי, וואלט מען די ציוניסטישע באוועגונג ניט געדארפט; וואלט דאס לאנד געוואלט די אידען, און די אידען — דאס לאנד; וואלטען זיי זיך געפאסט איינס פאר דאס אנדערע; וואלט די „חיבת ציון“ ניט געווען קיין פלאַ־טאנישע ליבע וואלט דער שידוך שוין לאנג געווען געשלאסען. זיי וואלטען זיך פשוט איינס ס׳אנדערע גענומען, אהן תנאים. די אידען זיינען דאך געפאהרען, נייז, געלאפען, און ווען ניט די צוויי אויבענדערמאנטע באדינגונגען, וואלטען זיי געפאהרען קיין פאלעסטינא אהן שום טעאריעס. דער ציוניזם דארף ניט און קען ניט זיין קיין טעאריע. די פיאנערען וואס זיינען

אין 1620 געקומען מיט דער „מאי פלאוער" קיין אמעריקא, זיי־נען ניט געווען קיין „אמעריקאניסטען" אין טעאָריע; די בור־רען, וואס זיינען אין 1657 געקומען קיין סאוט אפריקא, זיינען ניט געווען קיין „אפריקאנצעס" אין טעאָריע. צווישען די מיליאָנען אידען, וואס האבען אין די לעצטע 30־40 יאהר איינ־געוואנדערט קיין אמעריקא, זיינען געווען זעהר ווייניג טעאָ־רעטישע „אמעריקאניסטען". זיי זיינען איינפאך געפאהרען, אהן טעאָריעס. מען האט די לעצטע בעבעכעס פארזעצט און מען איז געפאהרען; מען האט טאטע־מאמע, ווייב און קינד פארלאזען און מען איז געפאהרען. מען האט אפילו די טעאָריע פארגעסען און מען איז געפארען, פילע, זעהר פיל זיינען גע־פאהרען קיין אמעריקא מיט ציון אויף די ליפען. מען האט געפריידיגט ציון, און מען איז געפאהרען קיין אמעריקא. קיין ציון זיינען נאָר ווייניגע געפאהרען, און פון די זיינען אויך פילע געקומען קיין אמעריקא.

דיזע פאקטען ווערען דאָ דערמאָנט, ניט צו מאכען פאר־ווירפע די ציוניסטען, פארוואס זיי זיינען געקומען קיין אמע־ריקא. חלילה! דער שרייבער פון דיזער אפהאנדלונג וואלט גאָר ניט געהאט דאס הארץ, ווען זיי זאלען אפילו פרעגען אַ עצה, צו ראטען די ציוניסטען צו פארלאזען דאס געבענשטע אמעריקא און פאהרען אין די האלב־ווילדע פאלעסטינא. זיי וואלטען די עצה סאי־ווי ניט געפאלגט. אבער די פאקטען ווע־רען דאָ דערמאָנט, כדי נאָך אמאָל צו באשטעטיגען דעם פאקט, אַז די אידען ווילען ניט דאס לאנד. און עס קאן גאָר אנדערש ניט זיין. „די מענשהייט שטעלט זיך נאָר אזעלכע אויפגאבען, וועלכע זי האט בכח צו לייזען", זאגט קארל מארקס. און די איינצעלנע מענשען טוען דאסזעלבע. די איינצעלנע מענשען נאָך גיכער ווי די מענשהייט, ווארים די איינצעלנע מענשען מוזען עסען, ווערענד די „מענשהייט" קאן זיך באגעהן אהן עסען. פאר צוקינפטיגע אידעאלען זיינען דאָ זעהר ווייניג מארטירער. נאָר זעהר ווייניגע זיינען זיך מקריב פאר די וייטע צוקונפט. דער מארטירער שטעהט אלע מאָל, הגם אומ־באוואוסט, אויף אַ רעאלען באדען. וואו עס פעהלט דער רעא־לער באדען, פעהלען אויך די, וואס זיינען וויליג זיך מקריב

צו זיין. דאס איז די נאטור פון אידעאלען. איינציגע אויס־נאמען געפינען זיך אלע מאל, אבער די, ווי יעדער אויסנאם, באשטעטיגען נאר דעם כלל. זיינען דאך ביי אונז אויך געווען פיאנירען, מארטירער, וואס זיינען געפאהרען קיין פאלעסטינא, אבער ווייל דארטען האט געפעהלט דער רעאלער בארען, די אומ־מיטעלבארע באדירפניסע, מאטעריעלע ווי קולטורעלע, האט דיזע מארטירעריי גאר קיין — אין בעסטען אופן, זעהר ווייניג — נוצען געבראכט. דער ציוניזם איז, לויט זיין אינערליכער נא־טור, אן אידעאל פון דער ווייטער צוקונפט. ער קאן דאדורך שווערליך געדייהען. עס איז א טעות צו פארגלייכען ציוניזם מיט סאציאליזם. וואלט דער סאציאליזם ניט געפלאסען פון די טאג־טעגליכע באדירפניסע פון דעם ארבייטער־קלאס; וואלט דער סאציאליזם זיך ניט באשעפטיגט מיט די באלדיגע, אוממיטעלבארע אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאס; וואלט ער ניט אנגעוויזען קיין וועג פאר אינטענסיווער טעטיגקייט פאר די פארבעסערונג פון דעם היינט, דורך דער ארבייטער־באוועגונג פון איין זייט און פאליטישער טעטיגקייט פון דער צווייטער זייט, וואלט ער ניט געקאנט אויפוויזען די מיליא־נען אנהענגער וואס ער האט. איינצעלנע אידעאליסטען וואל־טען זיך אודאי געפונען, וואס וואלטען געזעסען און געווארט אויף דער סאציאלער רעוואלוציע; די מאסען וואלט ער קיינמאל ניט געקאנט האפען צו געווינען. און ביי דעם אלעם, האט אפילו דער סאציאליזם געליטען שיף־ברוך אזוי שנעל ווי ער איז געקומען פנים־אל־פנים מיט די אינטערעסען, וואס שיינען די מאסען צו זיין נעהנטער צו זיי, ווי מען קען עס זעהן אין אייראפא, אין די קריעגס־פיהרענדע מדינות.

און ווען מען זאל דאס אפילו אוועקלייגען אן א זייט; ווען מען זאל אפילו צוגעבען, אז די אידען ווילען דאס לאנד, קומט ערשט די צווייטע שוועריגקייט, וואס איז אפשר גרעסער, וואס דאס לאנד וויל ניט די אידען. מען דארף ניט פארגעסען דעם ביטערען האס, וואס האט זיך ענטוויקלעט און וואס וואקסט פון טאג צו טאג ביי די אראבער געגען די אידען — א האס, וואס דריקט זיך שוין באצייטענס אויס אין מארד־טאטען.

אבער מען קאן אויך די ארגומענטען אוועקלייגען אן א

זייט. ווען מען וויל זיך ניט רייסען, קאן מען אפילו צוגעבען, אז די אידען ווילען דאס לאנד, און דאס לאנד — די אידען. מען קאן אפילו געהן גענגען די פאקטען און זאגען, אז אלע ציוניס־טען וועלען פאהרען קיין ציון, אז זיי וועלען דארט אויפגענומען ווערען בסבר פנים יפות און מען וועט זיי מאכען פאר די באלעבאטים פון לאנד; אז די אראבער וועלען זיי ניט מאר־דען; מען קאן דאס אלעס צוגעבען און דאך קומען צום שלום, אז דער ציוניזם איז ניט מסוגל צו פארענטפערען די „יודען־פראגע“.

עס איז שוין מעהר ווי איינמאל ארויסגעבראכט געווארען דער גערעאנק, אז אלע אידען קאנען ניט און וועלען ניט, ווען זיי זאלען אפילו קאנען, געהן קיין פאלעסטינא. אויף דעם בעסטען אופן וועט די גרויסע מעהרהייט פון יודענטום בלייבען זיצען אויף די ערטער, וואו זיי וואוינען איצט. ווען פאלעסטי־נא זאל אפילו געבען אלעס דאס, וואס די ציוניסטען האפען און ערווארטען צו קריגען, וועט דאס נאר העלפען א קליינעם טהייל פון דעם יודענטום. פאר די גרויסע מאסע פון דעם אידישען פאלק, וועט די „שאלת היהודים“ מיט איהר גאנצער גרויזאמ־קייט נאך אלץ בלייבען. דיזער ארגומענט איז ניט קיין נייער. פונ׳ם סאמע אנפאנג פונ׳ם פאליטישען ציוניזם איז ער באַ־טאנט געווארען און ווידערהאלט געווארען. אבער ביז איצט איז דעם שרייבער פון דיזע ווערטער ניט געקומען צו דער האנט איין שריפט, וואס זאל האבען דיזען גערעאנק ארויסגע־זאגט אין זיין גאנצער וויכטיגקייט, א וויכטיגקייט, וואס מאכט די „יודען־פראגע“ נאך מעהר קאמפליצירט און וואס לייגט אפ איהר לייזונג אלץ ווייטער און ווייטער. מיר מיינען דא די באפעלקערונגס־פראגע, דער וואוקס פון דעם אידישען פאלק. אין אלע לענדער, ביי אלע נאציאנען איז די באפעלקערונגס־פראגע היינט צו טאג איינע פון די וויכטיגסטע פראגען. די גאנצע בלוטיגע מלחמה, וואס געהט אן אין אייראפא היינט צו טאג, די גרויזאמקייט, מיט וועלכער זי ווערט פארפאלגט, אם ווענינגסטענס מצד דייטשלאנד, איז צום גרויסען טייל א באפעל־קערונגס־פראגע. פראנקרייך האט איהר באפעלקערונגס־פראגע פון דעם פארקערטען זייט. די גאנצע פאליטיק פון יאפאן איז

געבויט אויף איהר באפעלקערונגס־פראגע. מיט איין ווארט: די באפעלקערונגס־פראגע שטעהט היינט צו טאג אויף דעם סאמע שפיץ פון די וויכטיגע סאציאלע פראגען, און עס איז דארום א גרויס וואונדער, וואס אונזערע אידישע פובליציסטען, געלעהרטע און נאציאנאלע כלל־טוער האבען זיך אן דיזער פראגע נאך גארניט אנגעשטויסען. און מען קאן אפילו ניט אנהויבען צו זוכען קיין לייזונג צו די „יודען־פראגע“, ניט נעמענדיג די באפעלקערונגס־פראבלעם אין באטראכט. נעמט מען אבער דיזע פראגע איינמאל באטראכטען, דאן עפענט זיך א נייע וועלט פון פראבלעמען, דאן זינקט די גאנצע ציוניסטישע באוועגונג אראפ צו א גאנץ קליינליכע, אומוויכטיגע באוועגונג. און אונזער באפעלקערונגס־פראגע באשטעהט אין דיזען: לויט די אויסרעכענונג פון דעם באוואוסטען דר. ארטהור רופין, זיינען אין אנפאנג פון דעם 19טען יאהרהונדערט געווען אויף דער גאנצער וועלט אז ערך דריי מיליאן אידען (איך ציטיר פון געדעכטנים, דער בוך איז מיר אין דיזער מינוט ניט צום האנט). אין אנפאנג פון דעם צוואנציגסטען יאהרהונדערט זיינען געווען אויף דער גאנצער וועלט (לויט דיזעלבע אויסרעכענונג פון דר. רופין), ארום צוועלף מיליאן אידען. דאס אידישע פאלק האט זיך, אלזא, אין איין יאהרהונדערט פארפיערפאכט; עס האט זיך פארמעהרט פיער מאל אזוי פיעל. ווען דער וואוקס פון דער באפעלקערונג זאל צוגעהן לויט דיזעלבע ראטע, און עס איז ניטא קיין אורזאך פאר וואס ניט, וועלען מיר אין דעם אנפאנג פון דעם 21טען יאהרהונדערט האבען ניט ווייניגער ווי 50 מיליאן אידען אויף דער וועלט. ווי מיר זעהען, איז דער „פן־ירבו“ היינט צו־טאג פונקט אזא וויכטיגע פראגע ווי ער איז געווען אין דער צייט פון פרעה. נאך מעהר: מיר זאגען ניט „פן ירבו“, מיר זאגען מיט דעם בת־קול „כן ירבו“. מיר זאגען ניט, טאמער וועט זיך דאס אידישע פאלק פארמעהרען; מיר זאגען: לויט אלע נאטירליכע און סאציאלע געזעצען, ווען מען זאל אפילו ניט אריינרעכענען דאס מאלטוסיאנישע געזעץ, וועט זיך דאס אידישע פאלק געוויס פארמעהרען צו פופציג מיליאן אין פארלויף פון היינטיגען יאהרהונדערט. און די צייט איז גארניט אזוי ווייט, ווי מאנכע קאנען מיינען,

א פינפטעל פון דעם היינטיגען יאהרהונדערט איז שוין אפ־געלאפען, און די אייניקלעך פון די וואס ווערען היינט געבוי־רען, קאנען דאס נאך זעהן מיט זייערע אויגען. עס איז אין א געוויסען זין, אזוי ארום, א פראגע פון אונזער צייט. אז די ניי־געבוירענע אידען וועלען ניט זיין אנדערש, ווי מיר זיי־נען, דאס הייסט, אז די ניי־געבוירענע אידען וועלען, פונקט ווי מיר, באשטעהן צו בלייבען אידען, אין דעם איז ניטא קיין אורזאך צו צווייפלען. מיר קאנען אפילו ניט האפען אז־זיך אויס־וואנדערען. אנדערע נאציאנען לייזען טיילווייז זייער פראגע פון איבערבאפעלקערונג דורך אויסוואנדערונג. אונז קאן קיין אויסוואנדערונג ניט העלפען. פון וואנען און וואוהין זאלען מיר וואנדערען צו ווערען אויס אידען? די דייטשען, די איי־רישע, די איטאליענער און אלע איבעריגע, ווען זיי וואנדערען אויס קיין אמריקא, פארלירען זיי אין דעם צווייטען אדער דריי־טען דור זייער אורשפרינגליכע נאציאנאליטעט.ביי אונז איז די זאך גאנץ אנדערש. וואלטען אידען אזוי שנעל פארלארען זייער נאציאנאליטעט ווי די אנדערע, וואלט אונזער פראגע שוין לאנג געווען פארענטפערט. אונזער גאנצע פראבלעם בא־שטעהט דאך אין דעם, וואס מיר בלייבען אידען, וואו מיר זא־לען ניט זיין. מיר קאנען פון זיך אליין ניט אוועקוואנדערען; מיר פארלירען ניט אונזער איבערבאפעלקערונג דורך אויסוואנ־דערונג. זעהר אפט ווערט אונזער באפעלקערונג גרעסער צו־ליעב דעם. אונזערע נייע היימען, ווי אמעריקא, זיינען צוליעב די פארבעסערטע אומשטענדען מסוגל צו פארגרעסערען אונזער באפעלקערונג.

אויב עס איז פריהער ניט געווען קיין ספק, און די ציוניס־טען האבען דאס קיינמאל ניט געלייקענט, אז ניט אלע אידען וועלען געהן קיין ציון, און אז פאלעסטינא וועט זיי אלעמען אויף דעם בעסטען אופן ניט קאנען פארדייהען, איז דאס אונטער דעם נייעם געזיכטס־פונקט פון דער באפעלקערונגס־פראגע נאך וויניגער ספק. מען קאן פון די פופציג מיליאן אידען אין דעם ענדע פון דיזען יאהרהונדערט אפדינגען א העלפט. מען קאן זיי רעדוצירען אין געדאנק צו פינף און צוואנציג מיליאן, און מען וועט מוזען קומען צום שלום, אז אויף דעם בעסטען

אופן, ווען אלעס זאל אפילו צוגעהן פונקט ווי די ציוניסטען ווינשען, וועט דער ציוניזם נאר לייזען די פראגע פאר א קליינעם טייל פון די אידען. ער קאן אבער בשום־אופן ניט לייזען די „יודענפראגע“.

אויב דער ציוניזם האט רעכט, אז אין „גלות“ קען די „יודען־פראגע ניט געלייזט ווערען, איז ער מיט דעם אליין מודה, אז ער איז הילפלאז, אז ער קאן די „יודען־פראגע“ ניט פאר־ענטפערען. אלע אידען קאן דער ציוניזם באין־אופן ניט ארויס־נעמען פון גלות.

# אידיש-אידישיזם

אין דיזען קאפיטעל וועלען מיר זיך ניט בעשעפטיגען מיט די אלטע, נוצלאזע און פרוכטלאזע פראגען: אידיש אדער העב־רעאיש. פון אלע אומוויכטיגע פראגען וואס מענשען האבען ווען־עס־איז דיסקוטירט איז דאס די אומוויכטיגסטע. וועלכע שפראך א פאלק זאל ריידען, קאן ניט באשלאסען ווערען דורך א מאיאריטעט שטימען, נאך וויינינגער קאן דאס באשטימט ווערען דורך צייטונגס „מאמרים" אדער רעזאלוציעס. די שפראך איז דער וויכטיגסטער אינסטרומענט וואס די מענשען באזיצען אין זייער געזעלשאפטליכען פארקער. אן דער שפראך, גערעדטע און געשריבענע, וואלט דער מענשליכער פראגרעס ניט געוועזען מעגליך. און די מענשען באנוצען זיך אלע מאל מיט דער שפראך דורך וועלכע זיי קאנען אם בעסטען, אם שנעלסטען און איינדרוקספולסטען אויסדריקען זייערע געדאנקען, געפיה־לען און פארלאנגען. א שפראך קאן דאדורך ניט זיין הייליג. די מענשען האבען אהן רחמנות פארדארבען די שעהנסטע שפראכען, ווי גריכיש און לאטיין, און האבען נאכהער אויסגע־קנאטען נייע שפראכען, אין וועלכע עס האבען שוין באצייטענס געזונגען דאנטע און פעטרארק, טשאסער און מילטאן. מענשען האבען ליעב זייער שפראך, ווייל זיי קאנען זיך מיט איהר אמ־בעסטען באדינען. א טויטע שפראך, ווי אלע אנדערע טויטע, קאן פארהייליגט ווערען, אבער א לעבעדיגע שפראך, א שפראך וואס ווערט געברויכט יעדען טאג און יעדע מינוט, וואס ווערט באנוצט פאר מיאוס'ע ווי פאר שענע זאכען, פאר אמת ווי פאר שקר, צו בענשען און צו שילטען, צו ליבען און צו האסען — וואס־סער הייליגקייט קאן דא שטעקען אין אזא זאך?

ביי אונז דא, אין אמעריקא, איז באשאפען געווארען א לעגענדע פון „אידיש־שפּרעכענדע“. דער תירוץ איז געווען: די סאציאליסטען ריידען און שרייבען אידיש, ווייל זיי ווילען ריידען צום אידישען ארבייטער, וועלכער פארשטעהט ניט קיין אנדער שפּראך, אויסער אידיש. דאס איז נאר א האלבער אמת. דער גאנצער אמת איז, אז די רעדנער און שרייבער גופא האבען אמבעסטען און אמגעשיקסטען געקאנט אויסדריקען זייערע געדאנקען און געפיהלען אויף אידיש. דער גרויסער פּרץ האט אמאל געשריבען: מיר שרייבען אידיש, ווייל מיר ווילען בילדען דאס אידישע פאלק. ער איז אזוי ארום געווען א אי־דיש־שפּרעכענדער. אבער קאן זיך א מענש פארשטעלען פּרץ'ס שאפען אין אן אנדער שפּראך? קאן מען זיך פארשטעלען זיינע „צוויי בערג“ אין אנאנדער שפּראך, אויסער אידיש? י. ל. פּרץ, אמת, האט געהאלפען, פיעל געהאלפען בילדען דאס אידישע פאלק, אבער מעהר פון אלעם האט ער אויסגעבילדעט זיין איי־גענעם גייסט און זיין אייגענעם טאלאנט דורך דער אידישער שפּראך. און עס קאן גאר אנדערש ניט זיין. א מענש קאן זיך אויסלעבען גייסטיג אם בעסטען אין דער שפּראך אין וועלכער זיין מאמע האט איהם געזונגען איהר וויעג ליעד, און אין וועלכע זי האט איהם געבענשט צו דער חופּה. עס איז דער מאמעס שפּראך, דאס מאמע־לשון, וואס מאכט דעם דוי־ערענסטען איינדרוק אויף א מענשען. די פראגע, וועלכע שפּראך אידען זאלען, דארפען און וועלען ריידען, ווערט דאדורך איבער־געלאזען צו די בטלנים, וואס האבען שוין מעהר קיין דאגות ניט, וואס האבען שוין פארענטפערט אלע אידישע פראגען, און עס איז נאר געבליבען די איינע פראגע מכח די שפּראך.

מיר ווילט זיך דאדורך דא נאר ריידען וועגען אידיש, אדער „אידישיזם“ אלס א באוועגונג צו פארענטפערען די „יודען־פראגע“. אזא באוועגונג עקזיסטירט, קאמיש ווי עס מעג אויס־קומען ביי איינינע.

אבער, אום צו טהאן די ארבייט בשלימות, מוזען מיר זיך אביסעל פארנעמען אז א זייט.

די שפּראך־פראגע איז ניט אויסשליסליך א אידישע פראגע. אידען האבען איהר ניט אויסגעקלערט. אין איהר אור־

שפרונג איז זי אפילו ניט קיין נאציאנאלע פראגע. די שפראך־פראגע איז מעהר פון אלעם א דעמאקראטישע פאדערונג. די דעמאקראטיע האט די ערשטע די פראגע ארויפגעשטעלט אויף איהר פאהן. די אריסטאקראטיע האט קיין שפראך־פראבלעמען. פון קינדווייז־אויף ווערען די אריסטאקראטען ארומגערינגעלט מיט גאווערנאנטקעס און לעהרערס, וואס לערנען זיי די פאר־שיעדענע שפראכען פון די ציוויליזירטע פעלקער. עס איז דאס ארימע פאלק וואס האט ניט קיין שפראך, וואס איז פאראור־טיילט צו זיין „שטום" דאס גאנצע לעבען. און די אריסטא־קראטיע האט א לאנגע צייט געקעמפט פאר איהר ממשלה אי־בער דעם ארימען פאלק מיט דעם וואס עס האט מיט געוואלט געהאלטען די רעליגיע און די וויסענשאפט און שפראכען, וואס זיינען ניט געווען צוגיינגליך צו דעם פאלק. ביידע, די רעלי־גיע און די וויסענשאפט זיינען פאר א לאנגער צייט געלערענט געווארען אין לאטיין, און ווען לאטיין איז אראפ פון דער סצענע, האט פראנצויזיש פארנומען איהר פלאץ, און דאס אויך, דאס פראנצויזיש פון די געבילדעטע קלאסען. דיזע הערשאפט איז געגאנגען אזוי ווייט, אז עס איז זאגאר געווען פארבאטען איבערצוזעצען די תורה אויף דעם פאלק'ס לשון. ווען די פעל־קער האבען זיך סוף־כל־סוף אנגעהויבען צובונטעווען און צו פאדערען רעכטע, איז די ערשטע פאדערונג געווען דאס רעכט צו באנוצען די איינענע שפראך. די ערשטע פאלקס־באוועגונ־גען, וועלכע הויבען זיך אן אין דעם 13טען יאהרהונדערט, זיי־נען געווען רעפארמאטישע באוועגונגען, א פראטעסט געגען דעם הערשענדען קאטאליציזם, און יעדע אזעלכע באוועגונג פאר־טרעט פאדערונגען פאר סאציאלע גערעכטיגקייט פון איין זייט, און דאס רעכט צו בעטען צו גאט אין דעם פאלק'ס לשון פון דער צווייטער זייט. וויקליף אין ענגלאנד, הוס אין בעהמען, צווינגלי אין דער שווייץ, קאלווין אין פראנקרייך, לוטהער אין דייטש־לאנד — אלע די גרויסע רעפארמאטארען האבען אנגעהויבען מיט דעם, וואס זיי האבען זיך געווענדעט צו דעם פאלק און דעם פאלק'ס דיאלעקט. פיל בלוט איז פארגאסען געווארען, איידער די פעלקער האבען זיך ערווארבען דאס רעכט צו בעטען גאט אין דעם לשון, וואס זיי האבען אמבעסטען פארשטאנען.

אין די אלטע צייטען האט דער שפראך־קאמף זיך געדרעהט ארום די רעפארמאציע. די פעלקער האבען אנגעהויבען בים־לעכווייז צו זוכען זייערע רעכטע, און דער ערשטער פראטעסט איז געווען געגען די געצוואונגענע „שטומקייט" אין זייער פאר־קער מיט זייער גאט. אין די נייערע צייט האט דיזע פאדערונג אנגענומען נאציאנאלע פארמען, הגם דער גרונד אויף וועלכע ס'איז געבויט איז דערזעלבער. עס איז אין גרונד א דעמא־קראטישע פאדערונג פון דעם ארימען פאלק. די נייע אינדוס־טריעלע ענטוויקלונג, וואס האט געטריבען דעם פויער אין שטאדט אריין און פון איהם געמאכט א פאבריק ארבייטער; וואס האט פאר איהם באשאפען נייע באדירפניסע, איהם גע־לערענט זיך צו ארגאניזירען אין יוניאנס, זיך צו באטייליגען אין דער פאליטיק, וואס האט צו דערזעלבער צייט, פון זיין איי־גענע שוים ארויס, באשאפען אן אינטעליגענציע און א האלב־אינטעליגענציע, וואס פארטרעט איהם אין פארלאמענט, וואס אונטערהאנדעלט מיט זיין ארבייטס־געבער, וואס אמוזירט איהם אין טעאטער און וואס שרייבט פאר איהם אין די צייטונ־גען — אט דיזעס אלעס צוזאמען האט געגעבען דעם ארבייטער, דעם מאדערנעם ארימאן, דעם מוט צו פאדערען דאס רעכט אויף זיין שפראך, דארט, וואו ער האט אזא רעכט ניט. ביי אלע קליינע אונטערוואַרפענע פעלקער איז ענשטאנען א פא־דערונג פאר די נאציאנאלע שפראך. לאנג איז דאס ארימע פאלק געווען שטום, און ווען עס האט ענדליך זיך ערווארבען דאס רעכט צוםריידען, וויל עס ריידען, „ווי דער שנאבעל איז געוואקסען". די שפראך־פאדערונג האט אין פארשיידענע צײ־טען זיך אויסגעדריקט אין פארשיידענע פארמען. אין דער צייט ווען יעדע פראגרעסיווע באוועגונג האט אנגענומען דאס געשטאלט פון א פראטעסט געגען די באשטעהענדע רעליגיע, האט דער ארימאן געפאדערט זיינע רעכטע צו ריידען מיט גאט אין זיין אייגענער שפראך. אין די נייע צייטען, וואס די פרא־טעסט־באוועגונגען זיינען געווארען דירעקטע, פאר סאציאלע גערעכטיגקייט און פאר א גרעסערען חלק פון די אנגעארבייטע רייכקייט, שטעלט דער ארימאן ארויס די פאדערונג פאר די רעכט אויף זיין שפראך און נאציאנאלען מלבוש. אין ביידע

פאלען איז עס דער פארלאנג פון דעם אונטערדריקטען, פון דעם ארימאן, פון דעם אייביגען „באנטשי שווייג“, וואס האט אלע מאל געליטען פון זיין געצוואונגענער שטומקייט, געהערט צו ווערען אויף דעם לשון, אין וועלכען ער קען זיך אמבעסטען אויס׳טענה׳ן.

ביי אונז אידען איז דיזע באוועגונג, ווי פילע אנדערע, געקומען צו שפעט, ווייל זי האט זיך אנגעהויבען פארקערט.

ווי מיר האבען געזעהן אין א פריהעריגען ארטיקעל, האבען אויך מיר געהאט א רעפארם־באוועגונג, און אונזער רעפארם־באוועגונג האט אויך געהאט א שפראך־פאדערונג. פונקט ווי מארטין לוטהער אין זיין צייט, האט משה מענדעלסאן, דער פאטער פון דער רעפארם־באוועגונג ביי אידען, אין אונזער צייט, איבערגעזעצט די תורה אויף דייטש. ער האט די איבערזעצונג געלאזט דרוקען מיט אידישע אותיות אלס ביאור צו דעם חומש, כדי עס צו ברייננגען נעהענטער צו דעם פאלק. אויבערפלעכליך האבען אונזערע רעפארמער געטאן פונקט ווי די גוים, — נאר ביי אונז איז עס ארויסגעקומען פארקערט. די ניט־אידישע רעפארם באוועגונגען האבען זיך אלע מאל אנגעהויבען פון די נידריגע שיכטען, פון די אונטערדריקטע אין דעם פאלק. איינס פון זייערע פאדערונגען איז דאדורך געווען צו קענען בעטען גאט אין דעם פאלקס־דיאלעקט. אונזער רעפארם־באוועגונג האט זיך אנגעהויבען פון די אויבערשטע שיכטען, פון די ניי אויפגעקומענע אידישע בורזשואזיע. די שפראך־רעפארם וואס דיזע האט געוואלט איינפיהרען איז דאדורך געווען ניט די „פאלקס־שפראך“, נאר די „לאנדעס־שפראך“, ד. ה., אן אוועקגעהן פון דעם לשון, וואס דאס ארימע פאלק האט פארשטאנען און גענאנט ריידען. די ניט־אידישע שפראך־רעפארמען זיינען געווען דעמאקראטישע, די אידישע — אריסטאקראטישע. און דאס ארימע אידישע פאלק האט געליטען טאפעלט, און געמוזט קעמפען טאפעלט. פון איין זייט האט עס געליטען פון דעם „לשון הקודש“, פון דער צווייטער זייט, — פון די „לאנדעס־שפראך“. לאנגע יאהרען האט דער ארימער איד געליטען און געקעמפט א טאפעלטען קאמף. ער האט זיך געבראכען די ציינער אויף אלע שפראכען: אויף דייטש, אויף פוי־

ליש, אויף רוסיש. סאַי ווען ער איז געקומען אין מאַרק. פון וואַנען ער האָט געצויגען זיין אָרימע חיונה; סאַי ווען ער איז געקומען צום פּריץ, ביי וועמען ער איז געווען פאַרשקלאַפּט; סאַי ווען ער איז געווען געצוואונגען צו קומען צום געריכט, וואו ער האָט זעהר אָפט זיך געמוזט פאַרטיידיגען פון אַ בלבול, אָדער זוכען זיין רעכט — איבעראַל איז ער געווען האַלב־שטום. איבעראַל האָט מען פון איהם געלאַכט, איבעראַל איז ער רויט געוואָרען פון שאַנדע, צוליב זיין אומקענטניס פון דער שפּראַך. און ווען ער האָט אין די גרויסע פריהמאָרגענס, ווען דאָס הויז־געזינט איז נאָך געשלאָפען, געוואָלט אויסגיסען זיין ביטער האַרץ צו גאָט, האָט ער זיך ווידער אָנגעשטויסען אָן אַ שפּראַך, וואָס ער האָט קוים פאַרשטאַנען, האָט ער עס געמוזט טאָן אין „לשון הקודש“, און קיין הילף איז פאַר איהם ניט געווען, ביז... ביז דער אידישער אָרימאַן איז געוואָרען אַ פאַבריק־אַרבייטער. צוזאַמען מיט דער פאַבריק־אַרבייט איז געקומען, ווי געוועהנ־ליך, די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג, און מיט דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג זיינען אויך געקומען די אידישע האַלבע און גאַנצע אינטעליגענטען, וועלכע פאָלגען אַלע מאָל נאָך דעם פאָלק, מיינענדיג, אַז זיי פיהרען עס. און ערשט דאַן האָט דער אידישער אַרבייטער אָנגעטאַן זיך אַ כח און גענומען פאָ־דערען דאָס רעכט אויף זיין שפּראַך. אָנגעהויבען האָט דאָס זיך, ווידערשפּרעכיג ווי דאָס מעג קלינגען, אין אַמעריקאַ. אָט גע־ראָדע די „אידיש־שפּרעכענדע“ האָבען אומבאַוואוסט, זעהר אָפט געגען זייער אייגענעם ווילען, געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר די פאָדערונג פון די אָנערקענונג פון דער אידישער שפּראַך. מיט דעם וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען צו ריידען און שרייבען אויף אידיש ווענען העכערע ענינים, מיט דעם האָבען זיי איהר פאַרשאַפט בירגער־רעכט. דאָס איז ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט. ווי אַלע שקלאַפען, האָט די פאַרשקלאַפּטע אידישע שפּראַך זיך ניט געלאָזט באַפרייען. זי איז געווען האַרט, איינגעשפּאַרט, און האָט זיך בשום־אופן ניט געלאָזט בויגען. ביסלעכווייז האָט מען איהר אָריינגענאַרט צו ענינים, צו וועלכע זי איז גאָרניט געוואוינט; מען האָט איהר גענומען גיסען אין נייע פאָרמען, אַביסעל וויסענשאַפט, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, פילאָ־

זאפיע, ליטעראטור, פאעזיע, אלץ געגומען פון פרעמדע, ביז זי האט זיך, לאנגזאם, אנגעהויבען צו שטעלען אויף די אייגענע פיס, און איצט פארדייסט זי שוין דעם קאפ.

אונטער דעם דרוק פון גאנץ אנדערע אומשטענדען, אין רוסלאנד, האט די פאדערונג אנגענומען פראקטישע פארמען. דער אידישער ארבייטער אין רוסלאנד האט צוליב פארשיידענע אומשטענדען, וועלכע זיינען באוואוסט, און וועלכע עס איז ניט דא דער פלאץ איבערצודערצעהלען, אויפגעעפענט די אויגען, און ער האט זיך גענומען שעמען. ער האט דערזעהן זיין נאַקעטקייט. ניט נאר איז ער ארים און פארשטויסען, ניט נאר איז ער בארויבט פון די אלע גוטע זאכען, וואס די מענשליכע ארבייט האט באשאפען; ער איז אויך ארעם און נאקעט און בארויבט פון די אנדערע גוטע זאכען, וואס דער מענשליכער גייסט האט באשאפען. ער איז ארים און אומוויסענד. ער ער קען ניט געניסען פון די קולטורעלע אוצרות, אוצרות וואס דארפען פון רעכט וועגען, פונקט ווי די לופט, זיין פריי פאר אלעמען. ער האט באקומען א דארשט צו וויסען, צו לערנען. און ווען ער האט אין זיין גרויסער פארצווייפלונג גענומען זוכען מיטלען צו לעשען דעם ברענענדיגען דארשט, האט ער זיך ווידער אנגעשטויסען אן דער שפראך. ערשט איצט האט ער אויסגעפונען, אז ער איז אויסער בלינד — אויך שטום. ווען א דייטשער ארבייטער, א טאקער מיט דעם נאמען אויגוסט בעבעל, האט אין זיינע יונגע יאהרען מיט אמאל געמאכט די ענטדעקונג וועגען זיין אומוויסענהייט, האט ער אהן שום שוועריגקייט געפונען די מיטעל צו זיין חולאת. ער האט באדארפט טאן נאר איין זאך: נעמען ביכער און שטודירען, פלייסיג שטודירען. די ביכער זיינען געווען פארטיג, געשריבען אין זיין שפראך. און ער האט שטודירט, ביז ער איז געווארען דער גרויסער אויגוסט בעבעל. ווען א אידישער ארבייטער אין רוסלאנד, וועלכער וואלט אפשר מיט דער צייט אויך געקענט ווערען אן אויגוסט בעבעל, האט געמאכט אזא ענטדעקונג מיט זיך, האט ער ניט געקאנט טאן דאסזעלבע. ער האט זיך אנגעשטויסען אן א בלינדע וואנט, — די פרעמדע, אומבאקאנטע שפראך. ער האט דאן גענוזט זוכען צו באשאפען די מיטעל צו היילען זיין

קראנקהייט. ער, דער בלינדער, דער אומוויסענדער, האט גע־
מוזט באשאפען די מיטעל, די קולטורעלע מיטעל, דורך וועלכע
ער זאל זיך קאנען אויסבילדען. וויפיל ארימע מענשען, ארביי־
טער, האבען דעם כח, דעם געדולד און דאס געמיטה גובר צו
זיין אזעלכע שוועריגקייטען איז אן עלטער, ווען מען דארף
שוין זארגען פאר א פאמיליע? זעהר פילע אידישע ארבייטער
האבען דאריבער אויפגעגעבען די פראבע אין פארצווייפלונג,
און האבען זיך געטרייסט מיט דעם געדאנק, אז זיי זיינען שוין
פארפאלענע, זייערע קינדער פאר דאס וועלען שוין ניט ליידען.
אבער ווען עס איז געקומען צו די קינדער, איז די זאך ניט געווא־
רען בעסער. די יונגע קעפלאך, וואס האבען פון דער היים גע־
קאנט נאר אידיש, האבען געהאט גרויסע שוועריגקייטען אין
די שקאלעס, ווען זיי האבען בעדארפט לערנען געגענשטאנדען
אין שפראכען, וואס זיי האבען ניט פארשטאנען. פון דעם
אלעם איז ארויסגעוואקסען די פאדערונג „קולטורעלע אוטאנא־
מיע". מיט אידיש אלס אנערקענטע שפראך. אויף וויפיל מיר
איז באקאנט איז דער „בונד" געווען דער ערשטער און דער
איינציגער, וואס האט געמאכט די אידישע שפראך אלס א פא־
ליטישע פאדערונג פון די אידישע ארבייטער. אויף אזוי ווייט
איז די פאדערונג א ריין־דעמאקראטישע, אלס רעזולטאט פון
באשטימטע אומשטענדען. ווי אזוי די דעמאקראטישע פאדע־
רונג איז ביי אונז פארוואנדעלט געווארען אין א נאציאנאלע,
וועלען מיר זעהן אין דעם פאלגענדען ארטיקעל.

# דער באַנקראָט פון אידישיזם אַלס באַוועגונג

מען באטראכט די אידישע ליטעראטור אין איהר גאַנ־קייט, ניט די „צאינה וראינה“ ליטעראטור, נאר די ליטערא־טור, וואס זוכט זיך אויסצוגיסען אין מאָדערנע פארמען — ווען מען באטראכט דיזע ליטעראטור, ווארפט זיך אין די אויגען די גרויסע צאָל אידישע שרייבער, וואס האבען זיך באַווי־זען אויף אונזער האָריזאנט אין די לעצטע עטליכע יאָהר. נעמט מען אוועק דריי, פיער, העכסטענס פינף פון די עלטערע שריי־בער, און די „עלטערע“ זיינען אויך פון אונזער דור, געפינט מען גלייך אויס, אַז די גאַנצע בכבוד'ע צאָל פון אונזערע בע־לעטריסטען, פאעטען, דראמאטורגען און פובליציסטען זיינען אַלע אויפגעקומען די לעצטע צעהן, פופצעהן, העכסטענס פינף און צוואנציג יאָהר. קוקט מען זיך צו אביסעל נעענטער צו די שריי־בער, זעהט מען, אַז אין די ערשטע יאָהרען זיינען זיי געוואקסען שיטער, די ליטעראַטען אונזערע מכל המינים, און וואָס אַ יאָהר נעהנטער צו אונז ווערט די ליסטע אַלץ געדיכטער און געדיכ־טער. באטראכטענדיג דיזע ערשיינונג, מוז מען זיך ניט ווי־לענדיג פרעגען די פראגע: וואו זיינען די אידישע טאַלאנטען פון די פריהערדיגע דורות? איז דאָס מעגליך, אַז דאָס אידי־שע פאָלק האָט הונדערטע יאָהרען לאַנג פארנאכלעסיגט אָט די־זען וויכטיגען פאָלקס־פראָדוקט און האָט ערשט מיט דרייסיג־פערציג יאָהר צוריק, ווי אויף באַשטעלונג, גענומען פראָדוצי־רען ליטעראַרישע טאַלאַנטען?

אייניגע נאַציאָנאַליסטען וועלען ענטפערען:

„דאָס האָט דער אידישער „שאַפונגס־גייסט“ ערוואַכט אונ־טער דעם איינדרוק פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג“.

אַזאַ תירוץ פּאַסט זיך פאַר אַ רעדנער פון דער פּלאַטפאָרמע אַראָפּ, וואו ער ערוואַרטעט אַפּלאָדיסמענטען. ער פּאַרענט־פערט אָבער ניט די פראַגע. דער „גייסט", דער שאַפונגס־גייסט", דער „צייט־גייסט", און ווי זיי הייסען דאָרט די אַלע „גייסטער". קענען אויפטאָן גרויסע זאַכען, אָבער זיי קענען ניט פאַרענטפערען קיין פראַגען. וואָרים די נאַציאָנאַלע באַוועגונג איז, לויט דיזען אַנטוואָרט, אויך דער רעזולטאַט פון אַ „גייסט", דער „נאַציאָנאַלער גייסט". עס קומט אויס: איין „גייסט" האָט אויפגעוועקט אַ צווייטען „גייסט". ווער האָט אויפגעוועקט דעם ערשטען? און פאַר וואָס זיינען זיי עפּעס געשלאָפען, די הערען גייסטער? אָה, די גייסטער טעאָריע! ווי זאָגט פאַוסט:

„וואָס איהר דען גייסט דער צייטען הייסט,
„דאָס איז אים גרונד דער הערען אייגענער גייסט".

דער אמת איז, אַז דער אידישער „גייסט" איז קיינמאָל ניט געשלאָפען. ער איז געוועזען וואַך, נאָר ער איז געוועזען שטום, ער האָט ניט געהאַט קיין צונג.

שטעלט זיך פאַר ראַפאַעל אָדער דע ווינטשי, אָהן הענט. דער גרויסער גייסט, דער טאַלאַנט, איז דאָ. די הענט וואָס האָבען אַרויסגעבראַכט די „מאַדאָנאַ" אָדער די „מאָנאַ ליזאַ" פעהלען. דאָס זעלבע קען מען זאָגען אין אַלגעמיין וועגען די אידי־שע פאָלקס־טאַלאַנטען. זיי זיינען געוועזען די טאַלאַנטען, נאָר די חכמה איז ביי זיי געשטאָרבען אין בויך, ווי עס געהט אַ אידיש ווערטעל. דיזע וואָס האָבען זיך פון דעסטוועגען אַרויס־געאַרבייט, האָבען פאַר לאַנגע יאָהרהונדערטע געפונען זייער אויסדרוק אין שרייבען „שאלות תשובות", אָדער, ווען זיי זיי־נען געוועזען געבענשט מיט פּאָעטישע באַגאַבונג, איז זאָגען תורת שבת ביים טיש פאַר אַן עדה חסידים. די גאַנץ גרויסע פון זיי האָבען זיך ענטוויקעלט צו דער מדרגה פון אַ „קדושות לוי" אָדער אַ ישראל בעשט. אין די שפּעטערע צייטען האָבען זיך אויך באַוויזען מיטעלמעסיגע פּאָעטען אין דער העברעאישער שפּראַך. די אַלע, מען מוז ניט פאַרגעסען, האָבען, באַלאַנגט צו די אידישע גייסטער־אַריסטאָקראַטיע. זיי זיינען געוועזען די אי־דישע געלערטע. זיי האָבען מיט די מאַסען און מיט זייער אַל־

טעגליכען לעבען ניט געהאט צו טהון. די גרויסע מאסען פון דעם אידישען פאלק, די פראסטע מענשען פון פאלק, האבען זיך ניט גערירט. און דאס איז געקומען פון דעם, וואס זיי זיינען געוועזן שטום, אהן א לשון. ערשט נאכדעם ווען דער אידישער ארבייטער האט אויפגעהויבען דעם קאפ און באשאפען דעם באדען פאר דער אידישער שפראך — ערשט דאן האבען די פאלקס־טאלאנטען אנגעהויבען ארויסצושפראצען. עס איז געווען די /דעמאקראטישע פאדערונג פון דעם אידישען ארימאן, וואס האט געעפענט דעם אונערשעפליכען קוואל פון אידישע פאעזיע, פון אידישע ליטעראַרישע שאפונג אין אלע איהרע פארמען, — דער קוואל וואס איז געוועזן פארשטאפט און פארקארקעוועט מיט העברעאיש פון איין זייט און די לאנדעס־שפראך פון דער צווייטער זייט, האט גענומען שפריצען און שפיעלען, פריהער לאנגזאם אבער וואס ווייטער אלץ מיט מעהר אימפעט, ווען מען האט אויף איהם ארויפגעשטעלט א פאנטאן פון אידיש. דאס אידישע פאלק האט געפונען איהרע זינגער! אמת, די הארמאניע איז אפט נאך א שוואכע, זעהר אפט רייסען זיך אריין אין דעם כאר גאנץ גראבע, אונענטוויקעלטע שטימען, וואס שטערען די הארמאניע און גרילצען אין די אויערען, אבער דאס איז אלע מאל דער פאל מיט א מאסען־כאר איידער ער ווערט איינגעשטודירט. אויף דעם איז זיך ניטא וואס צו באקלאגען. פיעל וויכטיגער איז דער פאקט, וואס פון דיזען רויהען כאר הערען זיך שוין הייגט ארויס זעהר שעהנע שטימען.

מיר האבען אזוי די נאטירליכע אנטוויקלונג פון דער אידישער שפראך פון א דעמאקראטישע נויט, צו א קוואל פון נאציאנאלע שאפונג פאר פאעזיע און ליטעראטור, וועלכע פיהרען פון זייער זייט צו נאציאנאלע אויפלעבונג. ווארים קוים ווערען די כחות איינמאל אויפגעוועקט, קען מען זיי שוין מעהר ניט איינשטילען.

די שפראך פאדערונג, איינמאל ארויסגעשטעלט, קען זי זיך מעהר ניט אפשטעלען, זי מוז געהן ווייטער. זי מוז ווערען נאציאנאל. דאס ליגט אין איהר נאטור. ווארים די שפראך איז ניט נאר אן אינסטרומענט פאר דעם מויל, עס באנוצט זיך מיט

איהר אויך די האנט. ניט נאר ווערט זי גערעדט, זי ווערט אויך געשריבען. זי פאדערט דאדורך א שולע, וואו זי אליין זאל ווערען געלערנט, און דורך וועלכע מען זאל קענען לערנען אלע אנדערע זאכען די שולע פאדערט לעהר־ביכער. עס הויבען זיך אן פאדערונגען צו לערנען דאס לעבען אין אבסטראקציעס און אין בילדער. בינו לבינו ווערט אנטוויקעלט א לעזע־פובליקום פון איין זייט און א שרייבער־פובליקום פון דער צווייטער זייט.

שטרעבענדיג נאך אינטעליגענץ, באזי ט דאס פאלק דערוויל אליין זיין אייגענע אינטעליגענץ. צו זיי קומען צו די „פרעמדע“ אינטעליגענטען, די וואס האבען זיך פריהער ארומגעוואלגערט אין דער פרעמד ווי פארבלאנדזשעטע נשמות, און האבען ניט געקענט קריגען קיין „תיקון“.

ביסלעכווייז ווערט אזוי באשאפען אן איינהייטליכקייט צווישען דעם פאלק, זיינע אייגענע שרייבער, און די „פרעמדע“ אינטעליגענטען, וואס זיינען ביז איצט געשטאנען פון דער ווייטענס, אדער, ריכטיגער, וואס האבען זיך אפגערוקט אן א זייט. די אלטע פאדערונג ווערט אויפס־ניי פארמולירט פון די נויטווענדיגקייט וואקסען ארויס נייע פאדערונגען, נאציאנאלע פאדערונגען.

אזוי ארום איז ביי אונז צוגעגאנגען די אנטוויקלונג פון אידיש צו „אידישיזם“.

אבער ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער „אידישיזם“ איז דער לאגישער און נאטירליכער רעזולטאט פון די פאדערונג פאר אידיש, איז דאך דא א גרויסער אונטערשייד צווישען די צוויי. די פאדערונג פאר אידיש און די אידישע פאלקס־שולען איז אויסגעארבייט געווארען אין רוסלאנד, אונטער דעם דרוק פון די טאג־טעגליכע נויטווענדיגקייט. די באוועגונג פון „אידישיזם“ איז באגרינדעט געווארען אין אמעריקא אונטער גאנץ אנדערע באדינגונגען, צוליעב אנאנדערען צוועק, און מיט פונקט א פארקערהטע באגרינדונג.

דער גרויסער און וויכטיגער ארגומענט פאר אידישע פאלקס־שולען איז אם בעסטען אויסגעדריקט געווארען, אויף וויפיעל מיר איז באקאנט, אין א ביכעל, וואס איז ערשינען

אין ווילנא, אין 1910, איז דעם פארלאג „די וועלט“, אונטער דעם נאמען: „צו דער פראגע וועגען דער אידישער פאלקס־שולע“, פארפאסט פון אסתר.

צווישען די פיעלע אנדערע ארגומענטען פאר א אידישע פאלקס־שולע שרייבט אסתר:

דאס קינד קומט ניט אין שול מיט א ליידיגע נשמה, וועלכע די שול דארף ערשט אנפילען מיט קענטניס. דעם גרעסטען טייל קענטניס באקומט דער מענש אין די ערשטע יאהרען פון זיין לעבען. דאמאלסט מאכט ער אלע ענטדעקונגען, ווערט אלע ווייל באקאנט מיט נייע זאכען און ער לערנט זייערע אייגענשאפטען; דאמאלס ארבייט זיך אויס אין זיין יונגען מח אן אונגעהויער גרויסע צאהל באגריפען וועגען זאכען, ער־שיינונגען, מענשליכע פארהעלטניסע און ז. וו.

די שול באקומט אויף אזא אופן א גרויסען, פעסטען פונ־דאמענט, וועלכען עס האט אויפגעבויט די שטוב, די היים, דער הויף, די גאס. זי פיהרט דעם בנין ווייטער; זי פארטיפט און סיסטעמאטיזירט די ערפאהרונג פון דעם קינד... די אלע קענטניסע וואס דאס קינד ברענגט אין שול זיינען פארקער־פערט אין זיין מוטער־שפראך... אהן דעם דאזיגען פונדא־מענט איז אונמעגליך די ווייטערע ארבייט פון דער שול... ווען דאס קינד קומט אין די פרעמד־שפראכיגע שול, האט די לעצטע ניט דעם נויטיגען פונדאמענט, אויף וועלכען זי דארף בויען די נייע באגריפען. זי מוז יעדען ציגעל לייגען אויף דאס ניי. יעדעס, אדער כמעט יעדעס ווארט איז פאר דעם קינד א רעטעניש.

ווי מען קען זעהן פון דעם איז די פאדערונג אין רוסלאנד געווען: די אידישע שפראך זאל צוהעלפען די שול, זי זאל אר־בייטען מיט איהר האנד אין האנד, זי זאל איהר ערגענצען, כדי עס זאל פאר דעם אידישען קינד לייכטער זיין זיך איינצו־אייגנען די אלוועלטליכע קולטור.

אויף א גאנץ אנדערן שטאנדפונקט שטעהט דער „אידישיזם“ אין אמעריקא. זיין פאדערונג איז ניט צו העלפען די שולע, נאר איהר אנקעגען צו ווירקען, אפצושוואכען דעם איינפלוס פון דער שול. די גאנצע אומגעבונג פון דעם אידישען קינד

אין אמעריקא, אזוי טענה'ט דער „אידישיזם", דער הויף די גאס, די חברים, די שול, זיי אלע ווירקען באאיינפלוסען דאס אידישע קינד אין א געגענזעצטע ריכטונג פון דער אידישער. צוליב דיזע אויסערליכע איינפלוסען ווערט דאס אידישע קינד אפגעריסען פון זיין היים, פון די עלטערען און אויך פון זיין פאלק. אום דיזעם אפצוהעלפען מוז געשאפען ווערען א אידישע קולטור אין דער אידישער שפראך און ווען דאס אידי־שע קינד וועט זיין באהאווענט אין דיזער אידישער קולטור, וועט עס האבען די געווינשטע געגענווירקונג אנטקעגען די אמערי־קאנישע מיט איהרע אסימילאטארישע טענדענצען. דאס זעל־בע איז מיט די דערוואקסענע מענשען. די אמעריקאנער סביבה ווירקט אסימילאטאריש, און א אידישע קולטור, געשאפען אין דער אידישער שפראך, וועט העלפען געגען דיזע אסימילאציע.

די אידישע שפראך איז אזוי ארום ניט מעהר אן אינסטרו־מענט, מיט וועלכען דאס אידישע פאלק באנוצט זיך אין זיין גע־זעלשאפטליכען פארקער. אין זיין נייע פארמע, אין דער פאר־מע „אידישיזם" ווערט עס א מיטעל אויפצוהאלטען דאס אי־דישע פאלק פון אונטערגאנג. פונקט ווי די רעליגיאן אין די הענט פון אונזערע רעפארמאטארען האט פערלארען איהר איי־גענעם ווערטה און איז געווארען א מיטעל פאר „קיום האומה". אזוי איז די נאטירליכע פאדערונג פון דעם אידישען ארבייטער צו רעדען און זיך צו בילדען אויף דער שפראך, אויף וועלכער ער פארשטעהט אם בעסטען, אין דער האנט פון די אידישיס־טען, געווארען א מיטעל אויפצוהאלטען דאס אידישע פאלק.

דאס אליין איז אין דעם אל פון „אידישיזם" ניט קיין חסרון. פאר זיך אליין איז די ארבייט, וואס דער „אידישיזם" טהוט אויף א לויבענסווערטהע. ער מאכט לייכטער דעם נאטירליכען שטרעבען פון דעם אידישען פאלק, צו רעדען און צו שאפען אין די אייגענע שפראך. אלס מיטעל צו לייזען די אידישע פראגע, האט דער „אידישיזם" גאר אנאנדער זין. דאן מוז ער אונ־טערזוכט ווערען פון א גאנץ אנאנדער ווינקעל. און ווען מען בעט ביי דעם „אידישיזם" דין וחשבון פון דעם שטאנד־פונקט, האט ער פאר זיך גאר נישט וואס צו זאגען, מוז ער זיך ערקלערען באנקראט.

מיר האָבען אין דיזע אָפּהאַנדלונגען שוין עטליכע מאָל ווי־דערהאָלט, אַז די אידישע פּראָבלעם איז אַ צווייפאַכע: זי באַשטעהט אין דער טאָפּעלטער פראַגע: ווי אַזוי זאָלען מיר אָפּ־שאַפען די רדיפות און צו דערזעלבער צייט בלייבען אידען? יעדע אידישע באַוועגונג, וואָס נעמט זיך אונטער צו ענטפע־רען אויף די „שאלת היהודים“, מוז זיך באַשעפטיגען מיט דער טאָפּעלטער פראַגע. די רעפאָרם באַוועגונג האָט געזוכט די פראַ־גע צו פאַרענטפערען אויף אַ פאַרקערטען אופן. דער ציוניזם באַ־שעפטיגט זיך מיט איהר. זיין גאַנצע טעטיגקייט איז צו פאַר־ענטפערען די טאָפּעלטע פראַגע. דער „אידישיזם“ הויבט דאָס אַפילו ניט אָן. ער שטעלט אַפילו די פראַגע ניט ריכטיג. די אידי־שע רדיפות געהט איהם, ווי עס שיינט, גאָר ניט אָן. אַלץ, וואָס דער „אידישיזם“ וויל אויפטהון איז העלפען דעם „קיום האומה“, צו פאַרזיכערען די ווייטערע עקזיסטענץ פון דעם אי־דישען פאָלק אַליין. „קיום האומה“ דאָס איז זיין שוואַכערער פונקט. וואָרים „קיום האומה“ איז ניט די פּראָבלעמע. די פראַגע פון „קיום האומה“ האָט דאָס אידישע פאָלק שוין לאַנג פאַרענטפערט. אויף דעם וועג צו אויף יענעם, דאָס אי־דישע פאָלק האָט טויזענדער וועגען ווי זיך צו דערהאַלטען. די לאַנגע היסטאָריע פון דעם אידען אין גלות האָט באַוויזען, אַז וועגען דערהאַלטונג פון אידישען פאָלק איז קיין דאגה ניט. „אי־דישיזם“ אין די היינטיגע צייטען קען אפשר זיין איינס פון די מיטלען, אָבער עס איז ניט דאָס איינציגע מיטעל. נאָך מעהר. עס איז אויך ניט די פראַגע פון קולטור. אָבגעזעהען פון דעם, וואָס ליטעראַטור איז נאָך ניט די איינציגע פאָרמע פון קולטור, האָבען אידען באַשאַפען קולטור, אידישע קולטור, אין אַלע שפּראַכען און אין אַלע צייטען. עס איז נענוג צו דערמאָנען פילון היהודי, וואָס האָט געשריבען אין גריכיש; דעם רמב״ם, וואָס האָט געשריבען אין אַראַביש, שפּינאָזאַ וואָס האָט געשרי־בען אין לאַטיין און משה מענדעלזאָן, וואָס האָט געשריבען אין דייטש, מען זאָל איינזעהן, אַז אידען האָבען געשאַפען קולטור, אידישע קולטור, אין אַלע שפּראַכען. די מאָדערנע אידישע ווי־סענשאַפט, איז באַשאַפען געוואָרען אין דער דייטשער שפּראַך. וועד פון די „אידישיסטען“ וועט האָבען דעם מומח צובאַ־

הויפּטען, אַז ישראל זאַנגוויל, וועלכער שרייבט ענגליש, באַ־שאַפט וועניגער אידישע קולטור פון, לאָמיר זאָגען, שלום אש אָדער אברהם רייזין, וועלכע שרייבען אין אידיש? דער „אי־דישיזם" איז באַנקראָט אפילו אין זיין אייגענעם תמצית. אָנ־געהויבען האָט ער אַלס אַ נייע סאָרט באַוועגונג, וואו די רע־ליגיע איז מיט איין קלאַפּ אָפּגעשאַפט געוואָרען. די אידישיסטען טען, פּונקט ווי די רעפאָרמער, האָבען געגלויבט, אַז די אידישע רעליגיע איז געוועזען די איינציגע זאַך, וואָס האָט אויפגעהאַל־טען דאָס אידישע פאָלק. פאַרוואָרפענדיג די רעליגיע, האָבען זיי גענומען זוכען אַ נייעם באַנד, וואָס זאָל צוזאַמען האַלטען דאָס אידישען פאָלק, און זיי האָבען געפונען די אידישע שפּראַך און די אידישע קולטור, די קולטור וואָס האָט ערשט באַדאַרפט באַשאַפען ווערען. די אידישע קולטור האָט געזאָלט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער אידישער רעליגיע. דער קשר של קולטור אַנשטאַט דעם קשר של תפילין; די נאַציאָנאַלע ראַדיקאַלע שו־לע אַנשטאַט דער תלמוד־תורה; זיי האָבען אָבער שנעל אויס־געפונען, אַז די אידישע קולטור איז נאָך דערווייל צו אָרים, צו טרוקען, צו איינזייטיג, זי זאָל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער רעליגיע וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצען אידישען לעבען.

וואָס איז אַלזאָ געבליבען פון דעם „אידישיזם" אַלס באַ־וועגונג? די אידישע פראַגע קען דער „אידישיזם" ניט לעזען; אויף צו באַשאַפען אידישע קולטור האָט ער קיין מאַנאָפּאָל. אי־דען שאַפען קולטור אין אַלע שפּראַכען; דעם פּלאַץ פון דער רעליגיע קען ער ניט פאַרנעמען. העכסטענס וואָס דער „אי־דישיזם" קען אויפטהאָן איז, וואָס נעבען די „קולטור" וועט ער לערנען די רעליגיע אויף אידיש, אַנשטאָט העברעאיש.

# וואָס הייסט נאַציאָנאַלע קולטור *)

די נייעסטע אידיש־נאַציאָנאַלע באַוועגונגען זיינען ענג פאַרבונדען מיט אַ שטרעבונג צו שאַפען אידישע קולטור. דער „בונד" האָט געזוכט „קולטורעלע אויטאָנאָמיע", דער אידישיזם אַרבייט און שטרעבט צו באַשאַפען אידישע קולטור, און אַפילו דער ציוניזם נויגט זיך ביסלעכווייז, אונבאַמערקט פון איהם אַליין, לאַנגזאַם אָבער זיכער, צו אחד העם'ס קולטור צענטער, דער „מרכז רוחני", וועלכען אחד העם האָט יאָהרען לאַנג גע־פּרעדיגט און קיינער האָט איהם ניט געוואָלט הערען, שיינט צו ווערען דער הויפּט־פּונקט אין ציוניזם. מיט איין וואָרט: די גאַנצע טעטיגקייט פון די אידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען גע־פינט איהר אויסדרוק אין דעם פאַרלאַנג צו שאַפען אידישע קולטור.

וואָס איז אַזעלכעס אידישע קולטור? אין וואָס דריקט זי זיך אויס? מיט וואָס אונטערשיידעט זי זיך פון אַנדערע, ניט אידישע, קולטורען? וואָס זיינען איהרע סמנים? מיט וועלכע מיטעל און אונטער וועלכע אומשטענדען קען זי באַשאַפען ווע־רען און געדייהען? איז היינטיגע צייטען איבערהויפּט מעגליך אַ ספּעציעלע נאַציאָנאַלע קולטור?

אויף דיזע אַלע פראַגען, ווי מיר שיינט, האָט ביי אונז נאָך קיינער ניט פּרובירט צו ענטפערען אויספיהרליך. און עס וואָלט געווען כדאי, ווען ניט פאָלשטענדיג און אויספיהרליך ענטפע־רען, לכל הפחות די פראַגען איינמאָל ריכטיג שטעלען.

אום דאָס צו טהון ווי געהעריג, מוז מען קודם כל מאַכען אַ אונטערשייד צווישען „קולטור" און נאַציאָנאַלע קולטור. דאָס זיינען צוויי באַגריפען וואָס געהען ניט נויטווענדיג צו זאַמען.

---

*) ערשינען „פאָרווערטס", דעצעמבער 24, 1916

אונטער דעם ווארט „קולטור" פארשטעהט מען געוועהנ־ליך געלערזאמקייט און א רייכע אויסבילדונג פון געשמאק און מאנירען. א געבילדעטער מענש מיט איידעלע באנעמונג, מיט אן אויסגעבילדעטען געשמאק פאר ליטעראטור און קונסט, ווערט באצייכענט אלס קולטורעלער מענש.

ווען ביי א געוויסען פאלק געפינט זיך א גרויסע צאהל גע־לעהרטע מענשען און פיעלע אויסגעבילדעטע ליטעראטען און קינסטלער, און נאך א גרעסערע צאהל מענשען, וואס שעצען און שטיצען די בילדונג און די קונסט, וואס העלפען אנטוויק־לען א ראפינירטעס, געמיינשאפטליכעס צוזאמענלעבען, רופט מען דאס פאלק א קולטורעל פאלק.

דאס אלץ איז אבער ניט קיין סימן, אז דאס פאלק, וואס איז אזוי קולטורעל, באזיצט א נאציאנאלע קולטור, וואס שטימט איין מיט זיין קולטור.

פון דער צווייטער זייט, קען א פאלק האבען א נאציאנאלע קולטור און ניט זיין קולטורעל.

דאס אידישע פאלק אליין איז א גוטער ביישפיל.

די אידען באזיצען בלי ספק פיעל קולטור, אבער איז די קולטור די נאציאנאלע אידישע קולטור?

דאס יאפאנעזישע פאלק, האט מיט איין מאל איבערגענו־מען די אייראפייאישע קולטור, קיינער וועט אבער ניט באהויפ־טען, אז די אייראפייאישע קולטור איז די יאפאנעזישע נאצי־אנאלע קולטור.

די נעגער אין אפריקא, ווידער האבען בלי ספק א נאציא־נאלע קולטור, וועלכעס מאכט זיי פונדעסטוועגען ניט קולטורעל.

עס טרעפט צייטען, ווען א געוויסער פאלק, צוליב אינער־ליכע און ספעציעלע צושטענדע, צייכענט זיך אויס אויף איין געביט פון קולטור מעהר ווי אויף אנאנדערען. דאס איז נאר אן אינצידענט אין דעם פאלק'ס לעבען, א געוויסע טעטיגקייט וואס ווערט ארויסגערופען פון באשטימטע אומשטענדען. אזא אינ־צידענט, הגם ער איז דער אייגענארטיגער אויסדרוק פון דעם געגעבענעם פאלק, ווערט אבער ניט באטראכט אלס דעם פאלקס אייגענארטיגע קולטור.

אין דעם צווייטען העלפט פון דעם 19טען יאהרהונדערט,

למשל, האט דאס רוסישע פאלק געהאט א גלענצענדע פעריאדע אין דער שעהנער ליטעראטור, אבער קיינער באטראכט ניט דיזע פעריאדע פון גרויסארטיגען שאפען אין דער רוסישער ליטעראטור אלס די רוסישע נאציאנאלע קולטור. עס איז א שטריך, א פאקט אין דער קולטור, אבער ניט די קולטור.

וואס רוסלאנד איז געווען אין דער וועלט־ליטעראטור אין דעם צווייטען העלפט פון דעם 19טען יאהרהונדערט, דאס איז דייטשלאנד געווען אין דעם ערשטען העלפט פון דעם 19טען יאהר הונדערט, און אויך דיזעס ווערט ניט באטראכט אלס די דייטשע נאציאנאלע קולטור.

קולטור אין רוסיש איז א גאנץ אנדערע זאך ווי „רוסישע קולטור“; קולטור אין דייטש איז ניט דייטשע קולטור“, און קולטור אין אידיש איז ניט „אידישע קולטור“. ביי אונז פאר־בייט מען געוועהנליך די צוויי באגריפען. מען מיינט קולטור אין אידיש, און מען רעדט פון „אידישע קולטור“.

וואס זשע איז דאס אזוינס „נאציאנאלע קולטור“?

מיר וועלען דאס פרובירען ערקלערען מיט ביישפילען, וואס ליגען היינט צו טאג נאהענט צו אונז.

עס ווערט היינט זעהר פיעל גערעדט פון דייטשע קולטור אין נעגענזאץ צו דער אנגלא־זאקסישער קולטור. אין די גרוי־סע, אין די שרעקליכע מלחמה אין אייראפא היינט צו טאג, זאגט מען, באקעמפען זיך אויף דעם שלאכטפעלד צוויי ענטגעגענזעצ־טע קולטורען.

אין וואס באשטעהט דער אונטערשייד פון די צוויי פאר־שיידענע קולטורען? וועלכער איז דער פונקט וואס טיילט אפ איינס פון דאס אנדערע? אין פילאזאפיע, אין פאעזיע, אין קונסט (אין דער אויסנאמע פון מוזיק אפשר), אין וויסענ־שאפט, אין טעכניק, אין אינדוסטריע האבען זיי זיך ניט וואס צו שעמען איינע פאר די אנדערע. דייטשלאנד און ענגלאנד זיינען ביידע רייך, אונגעהויער רייך אין אלע קולטורעלע אוצרות. עס איז אויך שווער צו זאגען ווער פון די ביידע פעל־קער האט מעהר אויפגעטהון. דאך זיינען זייערע קולטורען פארשיידען.

אין וואס באשטעהט דער אונטערשייד?

אוועקלייגענדיג אלע פּשט'לאך און חקירות וועגען טעמפּעראמענט א. ז. וו. אז א זייט, אדער אפילו צוגעבענדיג אלע די חקירות, מוז מען זאגען, אז דער גרויסער, דער אמת'ער חילוק באשטעהט אין דעם בליק אויף דעם לעבען. די וועלט־אנשויאונג, פון די צוויי פארשיעדענע ראסען.

דער אייגענארטיגער בליק אויף דעם לעבען פון די דייטשען, וואס איז גאנץ פארשיידען פון דעם פון די אנגלא־זאקסען, האט ארויסגעבראכט א קולטור, וואס איז גאנץ אנדערש פון די אנגלא־זאקסישע: און די קולטור פון איהר זייט ווידער האט געווירקט און געהאלפען אויסארבייטען דעם כאראקטער און די וועלט־אויפפאסונג פון דעם דייטשען פאלק אויף א גאנץ אנדערען אופן, ווי דאס ענגלישע פאלק.

דייטשע קולטור, דאס איז ניט דייטשע פּאעזיע, ניט דייטשע פילאזאפיע, ניט דייטשע קונסט, אדער דייטשע וויסענשאפט. דייטשע קולטור, דאס איז די גאנצע סומע פון מאטעריעלע און גייסטיגע שאפונג פון דעם דייטשען פאלק פאר אלע דורות פון דעם פאלק'ס עקזיסטענץ. אין דעם געהט אריין אלץ: די פּאעזיע, די ליטעראטור, די פילאזאפיע, די קונסט, די וויסענשאפט, די טעכניק, די אינדוסטריע, פּאליטישע איינריכטונגען, סאציאלע אינסטיטוציעס, געזינונג אין דאס שטאאט־לעבען. אט דאס אלעס צוזאמען, דער סך הכל פון די אלע שאפונגען, וועלכע דאס דייטשע פאלק האט אין פארלויף פון די פילע יאהרהונדערטע אויסגעבילדעט, לויט די ספּעציעלע אומגעבונג און אומשטענדען, און וועלכע האבען פון זייער זייט געהאלפען אויסבילדען דאס דייטשע פאלק צו אן אייגענארטיגען קוק אויף דעם לעבען — אט דאס אלעס צוזאמען איז דייטשע קולטור.

דאס זעלבע איז געזאגט אויף די אנגלא־זאקסישע קולטור.

אויך ביי די אנגלא־זאקסען איז עס ניט די פּאעזיע, אדער די ליטעראטור, אדער די פילאזאפיע, אדער די וויסענשאפט, וואס מאכט אויס די אנגלא־זאקסישע קולטור — עס זיינען די אלע זאכען צוזאמענגענומען; עס איז דער סך הכל פון די מאטעריעלע און גייסטיגע שאפונג, וועלכעס דאס ענגלישע פאלק האט אין פארלויף פון די יאהרהונדערטע אויסגעבילדעט לויט זיין ספּעציעלע אומגעבונג און צושטענדע, און וועלכע האבען

פון זייער זייט צוגעהאלפען קריסטאליזירען די איינגעװארצעלטע אנשויאונג, וואס שטעלט צוזאמען די ענגלישע קולטור.

די צוויי פארשיידענע ראסען האבען געארבייט אויף דעם פעלד פון קולטור מיט דיזעלבע מיטעל. ביידע האבען געשאפען ליטעראַרישע, וויסענשאפטליכע א. ז. וו. אוצרות, ביי יעדע פון זיי האט זיך פונדעסטוועגען אנטוויקעלט אנאנדער קוק אויף דעם לעבען.

עס איז דאַדורך דיזער בליק, דיזע אנשויאונג, דיזע וועלט־פילאזאפיע, וואס אונטערשיידעט די דייטשע קולטור פון די אנ־גלא־זאקסישע.

אין וואס באשטעהט דיזער בליק אויף דעם לעבען?

דיזער בליק אויף דעם לעבען באשטעהט אין דעם ווי יעדע פון דיזע ראסען באטראכט דאס געזעלשאפטליכע צוזאמענלע־בען — די שייכות פון דעם יחיד צו דער געזעלשאפט, און פון דער געזעלשאפט צו דעם יחיד.

דאס דייטשע פאלק באטראכט דעם שטאט, די מלוכה, אלס די העכסטע איינריכטונג אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען. לויט דעם בליק פון דעם דייטשען פאלק שפילט דער איינצעל־נער, דער יחיד, גאר א קליינע ראלע. די וויכטיגע ראלע שפילט דער שטאט.

דער שטאט שטעהט העכער פון יעדען יחיד, פון אלע יחידים צוזאמענגענומען. יעדער איינער מוז פארבייגען זיין אייגענעם ווילען געגען דעם ווילען פון דער שטאט; יעדער יחיד עקזיסטירט נאר צו דינען דעם שטאט, און האט א ווערטה נאר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער דינט דעם שטאט.

גאנץ אנדערש באטראכט דער אנגלא־זאקס דיזע שייכות. אויך ביי איהם איז דער שטאט א כל יכול; אויך ביי איהם איז דער שטאט איינע פון די וויכטיגסטע איינריכטונגען, אבער דער שטאט האט א ווערטה נאר אויף אזוי פיעל אויף ווי־פיעל ער דינט דעם יחיד, אדער דעם גרעסטען טייל פון די יחידים. ווארים דער שטאאט אליין האט קיין רעכט און קיין קראפט. זיין רעכט און קראפט שעפט ער פון די יחידים. די רעגירונג האט רעכט און מאכט נאר אויף אזוי פיעל, אויף ווי־פיעל זי קריגט פון די, וועמען זי רעגירט. דער אונטערשייד אין

די צוויי קולטורען באשטעהט אין דעם פרינציפּ פון שטאטס־ערשאפט געגען דעם פרינציפּ פון אינדיווידועלע פרייהייט.

וועלכע פון דיזע פרינציפּען שטעהט העכער און פון וואנען דער אונטערשייד נעהמט זיך, איז ניט דא דער פּלאץ צו ערקלע־רען. נענוג איז, אז ווען מען רעדט פון דייטשע קולטור אין גע־גענזאץ צו אנגלא־זאקסישע קולטור, מיינט מען ניט די ליטע־ראטורען, אדער פּאעזיע, אדער וויסענשאפט א. ז. וו. פון די צוויי ראסען, מען מיינט דעם סך הכל פון אלע קולטורעלע טע־טיגקייט פון די צוויי ראסען, וואס האבען בולט ארויסגעבראכט און באאיינפלוסט זייערע פארשיידענע כאראקטערע און בליק אויף דער געזעלשאפט.

דאס איז דער איינציגער וועג צו פארשטעהן דאסווארט „קולטור" ווען מען וויל עס פארבינדען מיט די טעטיגקייט פון א פאלק, ווען מען וויל ריידען פון א נאציאנאלע קולטור.

דאס אידישע פאלק אין אלטערטום, האט געהאט א נאציא־נאלע קולטור, א קולטור וואס איז איבערגעגאנגען בירושה צו דער גאנצער מענשהייט.

ווען דער תלמוד זאגט: די אידען, די תורה און גאט, דאס איז איינס (ישראל ואוריתא וקודשא ברוך הוא חד הוא) איז דאס בוכשטעבליך געווען ריכטיג. דאס איז געווען די אידישע קול־טור פון יענער צייט. דער קולטור בייטראג פון דעם אלטען יו־דענטום צו דער מאדערנער ציוויליזאציע, איז געווען דער מאנא־טעאיזם, דער גלויבען אין איין גאט. און די טהעאקראטיע, די רעליגיאנס־הערשאפט. דיזער גלויבען איז ביי דעם אלטען אי־דען געווען אויסגעמישט מיט זיין לעבען, איז געווען א טייל פון זיין אינדיווידועלען און פריוואטען לעבען, און אויך פון זיין שטאטס־לעבען. די אידישע מלוכה איז געווען א ממלכת כוהנים. די נשמת פון דעם אידישען פאלק, זיין אייגענארטיגקייט האט זיך אויסגעדריקט אין זיין תורה און אין זיין רעליגיע און זיין רעגירונגס פארמע. דאס איז געווען זיין אייגענארטיגער בליק, זיין אנשויאונג, זיין פילאזאפיע פון לעבען. מען קען איינס אן דעם אנדערען ניט פארשטעהען. זיי עקזיסטירען ניט באזונ־דער. „די אידען, די תורה און גאט, דאס איז איינס".

דאס איז די אידישע קולטור פון דעם אלטערטום.

צוויי אנדערע פעלקער זיינען געווען אין אלטערטום, אויף וועמעס קולטור טעטיגקייט די מאדערנע ציוויליזאציע איז גע־בויט. דאס זיינען די גריכען און די רוימער. און יעדע פון די־זע קולטור שאפונג האט א באשטימטע פיזאנאמיע, וועלכע שטעהט אין איינקלאנג מיט די לעבענס באדינגונגען און כא־ראקטערע פון דיזע פעלקער צו יענע צייטען.

די רעליגיע, די פילאזאפיע, די קונסט, און די געזעצגע־בונג, דאס זיינען די יסודות, אויף וועלכע די גאנצע מאדערנע ציוויליזאציע איז אויפגעבויט, און דיזע פיער גרונד־שטיינער זיינען געלייגט געווארען פון די דריי דערמאנטע נאציעס מיט זייערע „נאציאנאלע קולטורען“.

די אידען האבען בייגעטראגען די רעליגיע, די גריכען — די פילאזאפיע און קונסט, און די רוימער — די געזעצגעבונג. מען קען אזוי ארום אויף די גריכען און די רוימער אנווענ־דען דעמזעלבען פסוק, אביסעל אנדערש, וואס דער תלמוד האט באנוצט בנוגע די אידען. מען קען זאגען: די גריכען, זייער פילאזאפיע און זייער קונסט, דאס איז איינס: די רוימער און זייער געזעצגעבונג, דאס איז איינס.

דאס גריכישע און רוימישע לעבען זיינען ענג פערבונ־דען מיט די קולטורען, וואס זיי האבען געשאפען, פונקט ווי דאס אידישע לעבען איז פארבונדען מיט דער קולטור, וואס עס האט באשאפען.

א נאציאנאלע קולטור דריקט זיך אויס אין דעם אייגענ־ארטיגען, אין דעם ספעציעלען בליק אויף דעם לעבען, וואס עס טראגט ביי צו דער אלגעמיינער סומע פון דער וועלט׳ס ציוויליזאציע.

# דער פּלאַץ פון דער "שעהנער ליטעראַטור" אין דער נאַציאָנאַלער קולטור

עס איז א שווערע און געפערליכע אונטערנעמונג צו ווערען באשטימען דעם פּלאַץ פון דער שעהנער ליטעראַטור אין דער נאציאנאלער קולטור.

ערשטענס האט מען דא צו טהון מיט א זאך אויף וועלכע עס איז ניטא קיין באשטימטע וואג אדער מאס. קיין מענש וויים ניט, און קען ניט וויסען, דעם גאנצען איינפלוס פון דער שעהנער ליטעראטור, און פאלגליך, קען קיינער ניט אפּשאצען גענוי איהר ראלע אדער באשטימען איהר פּלאַץ אין דער קולטור. צווייטענס, אונבאוואוסט ווי עס איז די גענויע ראלע, איז אבער ניטא קיין שום ספק, אז זי פארנעמט א גרויסען ארט אין דעם לעבען פון יעדען פאלק. זי איז אן אונאויסשעפּליכער קוואל פון פארגעניגען; זי איז צוגענגליך און פארשטענדליך צו די גרויסע מאסען; זי איז אין פיעלע פעלע דאס איינציגע מיטעל דורך וועלכע מענשען פארשאפען זיך אן אויבערפלעכליכע קענטניס פון דער מענשהייט; זי איז נאך מעהר: דורך דער שעהנער ליטעראטור לערנט דער מענש זיך אליין דערקענען. זי גיט פון דער אנדערער זייט, פיעלע מענשען די געלעגענהייט צו מאכען אן אנשטעל פון אינטעליגענץ, דארט וואו עס איז אמת'ן קיין אינטעליגענץ ניטא; זי גיט אנדערע די מעגליכקייט צו פילאזאפירען וועגען די שאטענס פון לעבען, וואס איז זעהר לייכט, אנשטאט צו פילאזאפירען פון דעם לעבען גופא, וואס איז זעהר שווער.

צוליב דיזע אורזאכע באטראכטען פיעלע מענשען די שעהנע ליטעראטור פאר א הייליגטום, און פאר א גאטעס־לעסטע־

רונג צו וועלען איהר קלאַסיפיצירען. עס איז דאריבער געפער־ליך מיט דיזע אַלע זיך אַנצוהויבען.

דריטענס, מוז מען אין דיזען פאַל גלאַט זיין פאַרזיכטיג: די ליטעראַטען זיינען זעהר סענטימענטאַלע מענשען, זיי גלוי־בען באמונה שלמה, אַז זיי זיינען די איינציגע אויף וועמען די וועלט האַלט זיך. זיי זיינען ניט צופרידען צו זיין איין טייל פון די אויף וועמען די וועלט שטעהט, זיי ווילען זיין די איינציגע, די אַליין הערשער. דער וואָס נעמט זיך אונטער צו באַשטריי־טען דיזע באַהויפּטונג, ריזיקירט דערפאַר אויף זיך אַרויפצוצי־הען די פיינדזעליגקייט פון דער גאַנצער שרייבער גילדע — די ליטעראַטען און זייערע קריטיקער. אַזאַ ריזיקאַלישע אונטער־נעמונג האָט נאָר אַ פּלאַטאָן זיך געקענט פאַרגינען. אין זיין „רעפּובליק" האָט דער גריכישער פילאָזאָף פּלאַטאָן ניט געלאַ־זען קיין פּלאַץ פאַר די פּאָעטען. ער האָט זיי פון זיין שטאַט אין גאַנצען אויסגעשלאָסען.

אבער ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעס, וועלען מיר די פראַגע דאָך באַהאַנדלען.

עס מוז אָבער באַלד אין אַנהויב באַמערקט ווערען, אַז דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגען דער וויכטיגקייט אָדער נוצליכקייט אָדער אַלגעמיינעם ווערט פון דער שעהנער ליטעראַטור. איהר וויכטיגקייט און גרויסע ווערט לייקענט קיין מענש ניט. מיר מעגען אַלע דאַנקען גאָט, וואָס פּלאַטאָנס אוטאָפּיסטישע רע־פּובליק איז ניט צושטאַנדע געקומען, שוין צוליעב דעם אַליין, וואָס ער האָט ניט געוואָלט צולאָזען די פּאָעטען. די וועלט וואָלט געווען זעהר טרוקען, אונאינטערעסאַנט, אָהן שום אויס־דרוק פון פיינע געפיהלען און ערהאַבענע אידעען, ווען מיר וואָל־טען ניט געהאַט די פּאָעטען און די שעהנ־שרייבער.

דאָ האַנדעלט זיך נאָר אין אַלגעמיינע שטריכען צו באַשטי־מען דעם פּלאַץ, וואָס די שעהנע ליטעראַטור פאַרנעמט אין דער נאַציאָנאַלער קולטור. דאַרף מען איהר שטעלען אויבען אָן, אויף דעם סאַמע מזרח, אָדער קומט איהר דער צווייטער פּלאַץ?

נאַטירליך, קען מען אויף באַשטענדיג דיזע אָבזאָנדערונג ניט מאַכען. אין בעסטען פאַל איז דאָס אַ קינסטליכע אָפּטהיי־לונג. מען קען ניט זעהר גוט אָפּטיילען דעם מענש פון זיין קינסט־

לערישער שאַפונג, פון דעם אויסדרוק פון זיין אינערליכען איך. מען קען ניט אויף באַשטענדיג אַפּטיילען די שעהנע ליטעראַטור פון די איבעריגע קולטורעלע טעטיגקייט. זיי געהען האַנד אין האַנד. מען מעג אָבער אַזאַ זאַך טהון, ווען מען וויל אויסגעפי־נען די פאַרשיידענע עלעמענטען פון וועלכע די קולטור באַ־שטעהט און די פאַרהעלטניסמעסיגע וויכטיגקייט פון יעדען עלעמענט. מען קען אויף קיין אַנדער אופן ניט אַפּשאַצען דאָס פאַרהעלטנים פון די פאַרשיידענע עלעמענטען. זיי מוזען פאַר אַ קורצע צייט צום ווענינסטענס פאַנאַנדערגעטיילט ווע־רען.

און ווען מען באַטראַכט דאָס, מוז מען קומען צום שלוס, אַז וויכטיג ווי די שעהנע ליטעראַטור איז, איז זי פונדעסטוועגען ניט דער וויכטיגסטער עלעמענט, פאַרנעמט זי ניט דעם ער־שטען פּלאַץ. נאָך מעהר, מען געפינט גלייך אויס, אַז ווען די ליטעראַטור פאַרנעמט דעם ערשטען פּלאַץ ביי אַ געוויסען פאָלק, איז דאָס צוליב ספּעציעלע אומשטענדען, אומשטענדען, וואָס מאַכען דאָס לעבען פון דעם פאָלק קליין און אונבעדיי־טענד. אַזוי שנעל ווי דאָס לעבען פון דעם געגעבענעם פאָלק נעמט זיך ברייט פאַנאַנדערוויקלען, ווערט די ליטעראַטור ממילא אַרונטערגערוקט אויף דעם צווייטען פּלאַץ. די מענשהייט באַ־טראַכט די ליטעראַטור ניט פאַר איהר וויכטיגסטע טעטיגקייט, ניט אפילו פאַר איהר הויפּט מיטעל פון אויסדרוק.

רוסלאַנד איז אַ ביישפּיעל פאַר דעם געזאַגטען.

ווי לאַנג דאָס עפענטליכע לעבען איז געווען טויט; ווי לאַנג די גייסטער אין רוסלאַנד זיינען געווען געפּענטעט, די הענט געקאָוועט אין קייטען און די מיילער פאַרשלאָסען, האָט די ליטע־ראַטור דורכגעמאַכט איהר גלענצענדסטע פּעריאָדע.

פאַר אַ גאַנץ לאַנגע צייט, פאַר הונדערטע יאָהרען, איז אין רוסלאַנג געווען אין גאַנצען שטיל. די מענשען האָבען געאַרבייט, געליטען, געהאָפט און געבעטען צו גאָט. צוליב פאַרשיידענע אורזאַכען, אין וועלכע מיר דאַרפען דאָ ניט אריינגעהן, איז גע־קומען אַן ענדערונג. די מענשען האָבען זיך גענומען באַוועגען. זיי האָבען אָנגעהויבען צו זוכען אַ וועג אַרויסצוקומען פון דעם חושך. אָבער אַלע וועגען זיינען געווען פאַרשטעלט. אַלע טי־

רען געשלאַסען. אַרום און אַרום פינסטער. און געהן ווייטער האָט מען געמוזט, דאָס איז די מענשליכע נאַטור. ווען זי נעמט זיך איין מאָל באַוועגען שטעלט זי זיך מעהר נים אָפּ.

האָט מען גענומען געהן אויף אומוועגען, דורך זייטען טירען, פאַרשטעלט און באַהאַלטענערהייד. מען האָט גענומען ריידען מיט אַ וואונק, מיט אַן אַנצוהערענים, דורך אַ סיפּור המעשה. דער רעזולטאַט איז געווען די שעהנע און רייכע ליטעראַטור, וואָס די רוסען האָבען באַשאַפען אין די לעצטע פינף און זיבעציג יאָהר. אין אַ קלענערע מאָס און אויף אַ קלענערען אופן איז דאָס זעלבע געשעהן ביי אונז, אין אונזער חושך. אונזער „מענדעלע״ און י. ל. פּרץ זיינען דער רעזולטאַט פון דיזעלבע אומשטענדען, פאַרקלענערט.

אַזוי שנעל ווי רוסלאַנד האָט באַקומען אַ אַנהויב פון אַן עפענטליכען לעבען, אַזוי שנעל, און אויף אַזוי פיעל, איז די שעהנע ליטעראַטור אַפּגערוקט געוואָרען אויף דעם צווייטען פּלאַץ. די קינסטלער אליין, די גאַרקים, די אַנדרעיעף׳ס, האָבען זיך גענומען באַשעפטיגען מיט דעם ווירקליכען, מיט דעם עפענטליכען לעבען.

דיזעס נייע לעבען האָט אַרויסגערוקט נייע מענשען צום פראָנט. די ליטעראַטען זיינען שוין נים מעהר די ערשטע און די וויכטיגסטע. עס קומען אויף אַ נייער סאָרט „גרויסע מענשען״. די שטאַאַטס מענער, די פּאָליטיקער, די גרויסע רעדנער און די געלערטע אין געזעלשאַפטס- וויסענשאַפט נעמען, שפּי־לען די ערשטע ראָלע. אַרום דיזע „נייע״ מענשען, און צוזאַ־מען מיט זיי, נעמט זיך דרעהען דאָס ראַד פון די גרויסע פּאַ־סירונגען. די אינטערעסען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען ווערען קאָנצענטרירט אויף זיי. מען דאַרף מעהר ניט שפּילען אין באַהעלטנים; מען דאַרף מעהר נים פילאָזאָפירען ווענען פאַנ־טאַסטישע וועלטען, וואָס ווערען באַשאַפען פון די בעלעטרים־טען, ווי עס האָבען געמוזט טהון די גרויסע רוסישע קריטיקער. מען קען ריידען אָפען, פריי, אם וויינינגסטען אין דער דומאַ. דער אויסדרוק פון פאָלק ווערט אַ אַפּעיער, אַ דירעקטער, אַ פריייער. די מיליוקאָוו׳ס און די אַרבייטער פיהרער ווערען די באַרייטענ־דע פערזענליכקייטען.

דאָס זעלבע איז געשעהן אין דייטשלאַנד מיט 50 יאָהר פריי־הער. דאָס דייטשלאַנד פון די דיכטער און קריטיקער, דאָס דיי־טשלאַנד פון לעסינג, געטהע, שילער, ווערט דאָס דייטשלאַנד פון לאַסאַל, מאַרקס, בעבעל און ליעבקנעכט. די שטאַאַטס מע־נער, די פּאָליטיקער, די גרויסע רעדנער, די געלערטע אין דער געזעלשאַפטס־וויסענשאַפט און די ארבייטער פיהרער, ווערען די גרויסע פיגורען אין דעם לעבען פון דעם דייטשען פאָלק.

די ליטעראַטור הערט ניט אויף, זי פארלירט ניט איהר ווערט, זי ווערט נאָר ארונטערגערוקט אויף דעם צווייטען פּלאַן. ווי פריהער פארנעמט זי איהר בכבוד'ן אָרט, אבער זי איז ניט מעהר די איינציגע, און ניט די ערשטע.

דיזער געראַנק קומט ארויס נאָך מעהר בולט, ווען מען באַ־טראַכט די צוויי לענדער וואָס זיינען אַם מיינסטען אנטוויקעלט אינדוסטריעל, און צוליב דעם אויך מיינסט דעמאָקראַטישע — ענגלאַנד און אַמעריקאַ.

ענגלאַנד, ווי שוין געזאָגט, האָט זיך גאָר ניט וואָס צו שע־מען מיט איהר פּאָעזיע, אָדער מיט די אַנדערע פאָרמען פון איהר שעהנער ליטעראַטור. אַזאַ לאַנגע, אונאונטערבראָכענע רייהע פון גאָר גרויסע פּאָעטען ווי ענגלאַנד קען אויפווייזען, קען שיינט מיר, קיין אַנדער פּאָלק ניט אויפווייזען. טשאָסער און ספּענ־סער, שעקספּיער און מילטאָן, בייראָן און שעלי, קיעטס און דיביידע בראונינגס, און די גאַנצע ליניע ארונטער ביז וואָרדסוואָרט, ראָזעטט, וויליאַם מאָררים, אָסקאַר ווילד, טעניסאָן און קיפּלינג, ניט צורעכענען אַגאַנצע רייהע פון קלענערע פּאָעטען, ווי בען דזשאָנסאָן, דריידען פּאָפּ און פיעלע אַנדערע, צופיעל דאָ אויס־צורעכענען. — וועלכעס פּאָלק קען זיי איבערשטייגען? ביי דעם אַלעם קען מען ניט זאָגען, אַז די ליטעראַטור פאַרנעמט דעם ערשטען פּלאַץ אין לעבען פון דעם ענגלישען פּאָלק, אָדער אַז די פּאָעטען און ליטעראַטען שפּילען דעם ערשטען פידעל. דער ענג־לענדער ווייס ווי צו שעצען זיינע פּאָעטען און זיין פּאָעזיע, אבער די „מאַגנאַ קאַרטאַ", די רעכטס ערקלעהרונג, איז דאָס ווערק מיט וואָס ער איז שטאָלץ, און וועלכע ער באַטראַכט אַלס די ריכטיגע און וויכטיגע קולטור ווערק, וואָס זיין פּאָלק האָט ביי־געשטייערט צו דער מענשליכער ציוויליזאַציע. די פּאָעטען ווע־

רען געשעצט, אָבער די גרויסע ראָלע שפּילען די שטאַטס־מע־נער, די פּאָליטיקער, די פּאָליטישע עקאָנאָמען, און אין די לעצטע צייט אויך די ארבייטער פיהרער. טהאָמאַס בוירק, פּיטס, פּאָקס, פּעעל, גלאַדסטאָן, דיזראַעלי, בעיקאָן, אדאַם סמיטה, ריקאַרדאָ און דאַרווין — דאַס זיינען די מענער וואָס שטעהען אין די ער־שטע רייהע, די פּאָעטען און ליטעראַטען קומען אויף דער צווייטער רייהע.

און דאָס איז אויך רעכט. די „מאַגנאַ קאַרטאַ“, אדאַם סמיטה און דאַרווין, מען מעג עס גאַנץ אָפּען אַרויסזאָגען, האָ־בען בעאיינפלוסט דעם גאַנג פון דער מענשהייט, מיט זייערע גע־דאַנקען און זייערע געפיהלען, מעהר ווי אַלע פּאָעטען צו־זאַמענגענומען.

ביי דעם אַלעם ווערט די שעהנע ליטעראַטור ניט אונטער־שעצט. זי שטעהט נאָר אויף דעם צווייטען פּלאַן.

דאָס זעלבע איז אין אַמעריקא.

אין די פאַרהעלטניסמעסיג קורצע צייט, וואָס אַמעריקא עק־זיסטירט אַלס אַ זעלבסטשטענדיגעס פאָלק, האָט עס אַרויסגע־שטעלט אַ גאַנץ בכבוד'ע רייהע פון פילאָזאָפען, פּאָעטען און נאָ־וועליסטען. עמערסאָן, וויליאַם דזשיימס, דזשאָן דואי, פּאָו, ברעט־האַרט, לאָנגפעללאָו, לאָוועל, וויהיטמאַן, האַטהאָרן, טהאָ־ראָו, מאַרק טוויין הענרי דזשיימס, אָ'הענרי, וויליאַם ד. האַועלס און פיעלע אַנדערע, זיינען נעמען מיט וועלכע קיין לאַנד דאַרף זיך ניט שעמען, אָבער די אַלע שפּילען ניט דעם ערשטען פּי־דעל, און ניט זיי גיבען דעם כאַראַקטער שטריך פון דער אַמע־ריקאַנער קולטור. די „אונאָפּהענגיגקייט ערקלערונג“, די קאָנ־סטיטוציע און לינקאָלן'ס קורצע געטיסבורגער רעדע — דאָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פון אַמעריקאַנער קולטור; און פראַנקלין, וואַשינגטאָן, האַמילטאָן, דזשעפערסאָן, וועבסטער, קלעי, קאַלהון, לינקאָלן, דאָגלאַס און אַנדערע פון דעם זעלבען שניט; אָדער רעפאָרמער ווי האָראַס גריעלי, טשאַרלס דאָנאַ און עהנליכע, שפּילען דעם ערשטען פּידעל אין דעם פאָלקס לע־בען.

די אַלע, אמת, האָבען צו טהון מיט דעם געשריבענעם און גערעדטען וואָרט. זיי אַלע שאַפען ליטעראַטור, און זייערע

ווערק זיינען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור, אָבער דאָס איז דאָס וואָרט וואָס האָט צו טהון מיט דאָס לעבען גופא, און מיר ריידען דאָ נאָר פון דער שעהנער ליטעראַטור, פון דער בעלעטריסטיק, דעם ראָמאַן, די נאָוועלע, די דראַמא, און די פּאָעזיע. און דיזע שעהנע ליטעראַטור שטעהט ניט אויף דעם ערשטען פּלאַץ אין דער קולטור.

און עס קען אַנדערש ניט זיין.

אַ פאָלק וואָס לעבט אַ ברייטעס, רייכעס, פיעל־פאַרביגעס און פיעל זייטיגעס לעבען, אַזאַ פאָלק מוז אַרונטערדריקען די שעהנע ליטעראַטור אויף דעם צווייטען פּלאַן. די ליטעראַטור איז דער שפּיגעל פון לעבען. איידער עס קען זיין ליטעראַטור, מוז פריהער זיין לעבען. דאָס לעבען קומט דאָדורך צו־ערשט. דער שפּיגעל קען נאָר ווייזען דאָס לעבען וואָס עקזיסטירט. עס איז אמת, נאָכדעם ווי אַ ליטעראַטור ווערט באַשאַפען, איז זי אַליין אַ טייל פון לעבען, און באַאיינפלוסט דאָס וויטערע לעבען, אָבער דיזער איינפלוס איז אַלע מאָל אַ צווייט־גראַדיגער.

דאָס איז די אורזאַכע, אַזוי שיינט מיר, וואָס ביי די גרויסע, רייכע, אינדוסטריעל ענטוויקעלטע און דעמאָקראַטישע פעלקער, די פעלקער וואָס האָבען אַ קאָכיגעס פּאָליטישעס לעבען, איז אויך די ליטעראַרישע פּראָדוקציע פון אַ נידריגערען סאָרט. די פעלקער וואָס האָבען ניט אַזאַ רייכעס עפענטליך לעבען, ווי עס איז געוועזען דער פאַל מיט דייטשלאַנד אין די ערשטע העלפט, און מיט רוסלאַנד אין די צווייטע העלפט פון דעם 19טען יאָהר־הונדערט, אָדער גאָר קליינע פעלקער, ווי נאָרוועגען, — ביי דיזע פעלקער איז די ליטעראַטור פיעל שעהנער, פיעל רייכער און פיעל טיעפער.

וואָס קלענער און אונבאַדייטענדער עס איז די טעטיגקייט פון אַ פאָלק אין אויסערליכען לעבען, אַלץ מעהר פאַרטיפט עס זיך אין דעם אייגענעם אינערליכען לעבען, אַלץ מעהר גריבעלט עס זיך אין די אייגענע נשמה. פונקט ווי דער איינצעלנער מענש, וועלכער האָט ניט פיעל צו טהון, וועמעס פליכטען עס זיינען אונבאַדייטענד, באַשעפטיגט זיך כסדר מיט זיך אַליין, מיט זיין אויסערליכען אויסזעהן, אָדער ווען ער איז פון אַ העכערען סאָרט, מיט זיינע אינערליכע געפיהלען, אַזוי איז אַ פאָלק וואָס

האט ניט קיין באדייטענדעס עפענטליכעס לעבען, באשעפטיגט עס זיך מיט זיך אליין, שטעהט עס כסדר פאר דעם שפיגעל און באטראכט זיך אליין, און מאהלט זיך אליין און קוועלט פון זיך, אדער באדויערט זיך„ לויט די אומשטענדען פון דעם פאלק.

בכלל קען מען זאגען: וואס וועניגער א פאלק איז אנטוויקעלט אינדוסטריעל און פאליטיש, אלץ מעהר באשעפטיגט עס זיך מיט דער שעהנער ליטעראטור, מיט דער אויסגעטראכטער פאסירונג אדער סצענע, מיט דער פראזע.

מען זאגט: די ליטעראטור איז אן אפשפיגלונג פון לעבען. דאס איז ניט אין גאנצען אמת. דאס לעבען איז פיעל רייכער פון דער ליטעראטור. די שעהנע ליטעראטור איז ניט אימשטאנד ארויסצוברענגען דאס לעבען און זיין גרויסקייט און טיעפקייט, אין בעסטען פאל קען עס נאר געבען א וואונק, א מאמענט, א קליינעם ווינקעל פון לעבען.

כאראקטערע ווי לינקאלן, ווי לאסאל, ווי ביסמארק, נאפאלעאן אדער מארקס לאזען זיך ניט ארייגשפארען אין איין ראמאן אדער דראמא, אפילו ניט אין הונדערט ראמאנען. דיזע כאראקטערע מאלען זיך אליין, זיי באשאפען זייער אייגענע ליטעראטור. מען מוז זיי אליין לעזען, זייערע אייגענע שריפטען אדער רעדען. א באזאראף, א ראסקאלניקאף, א סאניז, אדער אפילו א ווערטהער — מענשען וואס זיינען לעדיג־געהער, וואס טהוען גארניט און האבען ניט וואס צו טהון; מענשען וואס האבען קיינע גרויסע אויפגאבען, וואס געהען נאר ארום און „פילאזאפירען", קרעכצען אדער קלאגען — דיזע מענשען זיינען גוטע שטאף פאר גרויסע ראמאנען. און די גאנצע ליטעראטור באשטעהט מייסטענס פון אזעלכע טיפען. וואס קען א ראמאנען־שרייבער טהון מיט אזא טיעף ריהרענדען, באגייסטערטען און טעטיגען לעבען פון א לינקאלן, א לאסאל אדער א מארקס? די ליטעראטען פיהלען דאס און לאזען דיזע אלע ווירקליך גרויסע טיפען צופרידען. אייניגע האבען זיך פרובירט, אבער עס איז יעדעס מאל ארויסגעקומען א ניט־געלונגענע ארבייט. בארטאלדי אויערבאך האט זיך אונטערגענומען איז א ראמאן צו מאלען דאס לעבען פון ברוך שפינאזא. דער ראמאן איז פאר זיך גאנץ שעהן. וואלטען מיר ניט געקענט שפינאזא'ן, ווי מיר האבען ניט געקענט

למשל, באזאראף'ן, וואלט „שפינאזא״ פון אויערבאך'ן געווען א זעהר שעהנע פיגור. אזוי אבער ווי מיר קענען שפינאזא'ן, און מיר קענען פארגלייכען דעם ריכטיגען שפינאזא מיט דעם, וואס בארטהאלדי אויערבאך האט באשאפען, זעהען מיר ווי בלאס, ווי לעבלאז עס איז דער שפינאזא פון דער ליטעראטור אין פארגלייך מיט דעם שפינאזא פון לעבען. א שפינאזא לאזט זיך ניט אריינשפארען אין א ראמאן. ער איז גרעסער פון דעם ראמאן, ער איז גרעסער פון דעם שרייבער פון דעם ראמאן. וויל מען קענען שפינאזא'ן, מוז מען איהם אליין שטודירען. מוז מען לעזען וואס ער האט אליין געשריבען.

דאס זעלבע האט פאסירט מיט טאלסטאי. טאלסטאי האט זיך אליין געוואלט מאלען. וואלט מען דאך געקענט מיינען, אז ווען א טאלסטאי, דער גרויסער קינסטלער, דער גרויסער קענער פון דער מענשליכער נשמה, נעמט מאלען זיין אייגענע נשמה, וועלכע ער קען בעסער פון אלע אנדערע, וועט אודאי ארויסקו־מען דאס גרעסטע מייסטערוועק. פאסירט האט אבער פונקט פארקערט. אויך דא האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס לעבען איז טיעפער און רייכער פון דער ליטעראטור, אז דער לעבעדי־גער טאלסטאי איז צו גרויס פאר די ענגע ראמאנען פון א דרא־מא. אפילו ער אליין קען זיך דארט ניט אריינשפארען.

אין זיין דראמא „דער לעבעדיגער מת״, וואו טאלסטאי וויל זיך אליין מאלען, איז ניט ארויסגעקומען דער גרויסער טאל־סטאי, ווי די וועלט קען איהם. איין מאמענט נאר, אפשר דער אונוויכטיגסטער מאמענט פון זיין לעבען, קומט דארט ארויס, און דאס אויך ניט קלאר, בלאס פארטושט.

מ'קען דיזע ביישפילע נאך פארלענגערען. גענוג אבער איז געזאגט געווארען, מען זאל קענען איינזעהן, אז דאס לעבען, דאס געזעלשאפטליכע לעבען פון א נאציאן, איז אזוי גרויס, אז די שעהנע ליטעראטור אליין קען עס ניט ארויסברענגען, אז די קולטור, די נאציאנאלע קולטור, וואס איז דער אויסדרוק פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון א געגעבענער נאציאן, בא־שטעהט פון פארשיידענע עלעמענטען; אז די ליטעראטור איז נאר איינע און ניט די וויכטיגסטע פון דיזע עלעמענטען.

# די תּורה און די ביבעל

אין די פריהערדיגע ארטיקלען האבען מיר פעסטגעשטעלט אז נאציאנאלע קולטור איז א גאנץ אנדערע זאך ווי קולטור אין אלגעמיינעם. א פאלק קען זיין הויך קולטורעל און ניט האבען קיין נאציאנאלע קולטור, עס קען האבען א נאציאנאלע קולטור און אליין ניט זיין קולטורעל.

אז נאציאנאלע קולטור דריקט זיך נאר אויס אין דעם אייגענ־ארטיגען און דעם ספּעציפישען בליק אויף דעם לעבען; זי איז די „פילאזאפישע" אנשויאונג, פאראורזאכט צוליב באשטימטע אורזאכען, וואס איז אייגענטימליך צו א געוויסען פאלק, וועלכע אנשויאונג ווערט אויסגעדריקט ניט דורך איינע, נאר דורך פיעל־פאכיגע און פארשיידענע קולטורעלע טעטיגקייט.

אז צווישען די אלע קולטורעלע טעטיגקייט פארנעמט די שעהנע ליטעראטור א זעהר גרויסען און וויכטיגען פּלאץ. זי איז אבער ניט די וויכטיגסטע און ניט די ערשטע טעטיגקייט, אז איהר קומט ניט דעם ערשטען פּלאץ.

צווישען די פארשיידענע אנדערע באווייזע איז אויך ארויס־געבראכט געווארען דער אלבאוואוסטער פאקט, אז די אידען אין אלטערטום האבען געהאט אזא נאציאנאלע קולטור.

אין דעם לעצטען פּונקט קענען מאנכע זעהן א סתירה, און זיי וועלען דיזע סתירה באווייזען גראד מיט דעם פאקט פון דער אידישער קולטור.

אויב עס איז אמת, וועלען דיזע טענה'ן, אז דאס אידישע פאלק האט געהאט אן אייגענארטיגען בליק אויף דעם לעבען, און דאס קען קיינער ניט אפּלייקענען, אז דיזער קוק אויף דעם לעבען איז דאס דער תמצית פון דער נאציאנאלער קולטור, איז דאס ניט געווען עפּעס אנדערש ווי די ליטעראטור פון דעם אי־

דישען פאלק. די אידישע תורה, דער תנ"ך, דאס איז די אידי־שע ליטעראטור, און דאס איז די אידישע נאציאנאלע קולטור. די קולטור און די ליטעראטור, דאס איז איינס און דאס זעלבע.

אזוי וועלען איניגע טענה'ן. זיי וועלען האבען אביסעל רעכט, אבער קיין סתירה וועלען זיי, פון דעסטוועגען, ניט קענען באַ־ווייזען. אודאי איז אמת, אז די ליטעראטור איז דאס וויכטיג־סטע מיטעל, און דאס איז אויך איהר גרעסטער ווערט, צו לערנען די קולטור פון אן אלט פאלק. ווי אזוי וואלטען מיר געקענט לערנען די מנהגים, די זיטען, און די פאליטישע איינריכטונגען פון דעם אלטערטום אהן זייערע שריפטען? אבער אויך אין דיזען פאל איז די ליטעראטור ניט די איינציגע זאך. די געצייג און די וואפען, וואס מען געפינט טיף באגראבען אין דער ערד, די פיראמידען אין מצרים, די מיטהאלאגישע מארמאר־סטאטוען פון גריכענלאנד ענטפלעקען פאר אונז די קולטור פון טיפען אלטער־טום ניט ווייניגער ווי דאס געשריבענע ווארט פון די שפעטערע צייטען. אבער אונזער הויפט ארגומענט איז וועגען דער שעה־נער ליטעראטור, די בעלעטריסטיק. דיזע אליין איז ביי ווייטען ניט דאס וויכטיגסטע, אפילו ניט, ווען מען רעדט פון ליטערא־טור. וויל מען שוין ריידען פון ליטעראטור, און וויל מען די תורה דוקא מאכען פאר א ליטעראריש ווערק, דאן מוז מען שוין ריידען פון דער גרויסער, ברייטער ליטעראטור, וועלכע שליסט אין זיך איין, אויסער די פאעזיע, די דראמא א. ז. וו. אויך די געשיכטס־באשרייבונג, די פילאזאפיע, די וויסענשאפטליכע שריפטען, די העכערע פובליציסטיק, די רעדען פון די גרויסע רעדנער, די געזעצגעבערישע שריפטען א. ז. וו. און אפילו דאן וועט נאך אליין בלייבען דאס לעבען, וועלכעס נעמט אריין נאך אנדערע זאכען, דאס לעבען, וועלכעס קען זיך קיין מאל ניט פאל־שטענדיג אפשפיגלען אין דיזע שריפטען. דאס קען מען אם בעסטען זעהן, ווען מען נעמט די תורה אלס ביישפיעל. די גרויס־קייט פון דער אידישער תורה באשטעהט ניט אין דעם, וואס זי איז א גרויסעס ליטעראַרישעס ווערק. עס איז פונקט פארקערט. איהר ליטעראַרישער ווערט קומט פון דעם, און צוליב דעם, וואס זי איז דער רעזולטאט פון א וויכטיגער קולטור, וואס האט נאך עקזיסטירט פאר „מתן תורה".

די לעצטע צייט איז געוואָרען אַ מאָדע צו קריטיקירען די תורה פון דעם שטאַנדפּונקט פון ליטעראַטור. די נייע נאַציאָנאַליסטען, די „צוריקגעקומענע“, פילע פון וועלכע עס פעלט דער „סאָציאַלאָגישער“ חוש, דער חוש וויסענשאַפטליך אָפּצושאַצען די גרויסע ווערק פון טיפען אַלטערטום, לויט זייער הויפּט ווערט — דעם סאָציאַלען און היסטאָרישען; די, וועלכע פלעגען פריהער פאַרוואַרפען די תורה אַלס אַן אַלטע און פאַרשימעלטע זאַך, מאַכען שלום מיט זייער אַפּיקורסישען געוויסען מיט דעם, וואָס זיי באַווייזען דעם גרויסען ליטעראַרישען ווערט פון דער תורה. דאָס אַליין איז ניט קיין חסרון. די תורה האָט איז זיך דעם גרויסען ליטעראַרישען ווערט, אָבער ווען מען שטעלט זיך אָפּ הויפּטזעכליך אויף די ליטעראַרישע זייט, מאַכט מען דעם גרויסען טעות, וואָס די קריסטליכע וועלט מאַכט. אַ טעות, וואָס די אידען האָבען קיינמאָל ניט געמאַכט.

די קריסטליכע וועלט האָט גענומען אונזער תנ״ך, ד. ה. די תורה, נביאים און כתובים, האָט דאָס אַלעס צוזאַמענגעוואָרפען אין איין בוך, האָט צודעם צוגעלייגט דעם נייעם טעסטאַמענט, און רופט דאָס אַלעס צוזאַמען: די ביבעל, דאָס בוך, אָדער ריכטיגער, די ביכער, די שריפטען, די „הייליגע שריפטען. ביי אונז נעמט מען דאָס וואָרט „ביבעל“ און מען זעצט עס צוריק איבער: די תורה, אָדער דער תנ״ך.

און אין דעם באַשטעהט דער טעות.

די תורה איז ניט די „ביבעל“, און די „ביבעל“ איז ניט די תורה. מיר האָבען אַן אַנדער פאַרטיילונג.

עס איז ניט מעגליך זיך דאָ צו פאַרנעמען מיט אַ ברייטער אָפּהאַנדלונג וועגען דעם ענין. עס ווערט דאַרורך זיין גענוג צו זאָגען, אַז מיר מאַכען אַן אונטערשייד צווישען דער תורה און די „הייליגע שריפטען“. די תורה איז ביי אונז הייליג, דאָס איז זיכער, אָבער „הייליגע שריפטען“ (כתבי קודש) רופען מיר ניט די תורה.

דאָס וואָס די קריסטליכע וועלט רופט: דער אַלטער טעסטאַמענט, דאָס באַצייכענען מיר מיט דריי אותיות ת. נ. ך. תנך. די דריי אותיות זיינען די ראשי תיבות פון דריי ווערטער: תורה, נביאים און כתובים. דאָס איז ניט אונזער תורה. עס

האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט, הונדערטע יאָהרען, איידער דאָס אידישע פאָלק האָט באַשלאָסען צו באַצייכענען די נביאים און די כתובים אַלס „הייליגע שריפטען". איבער פאַרשיידענע ביכער, ווי שיר השירים און קהלת, זיינען אַנגעגאַנגען לאַנגע דעבאַטען, איידער מען האָט זיי אַריינגענומען צווישען די „הייליגע שריפטען", אַנדערע, ווי דאָס ספר „בן סירא" האָט מען ביז אויף דעם היינטיגען טאָג ניט אַריינגענומען.

מיר האָבען אַזוי אַרום אַ תורה און אַ ביבעל.

מיר האָבען אָבער מעהר ווי איין תורה. מיר האָבען צוויי תורות, אַ געשריבענע תורה (תורה שבכתב) און אַ מינדיליכע תורה (תורה שבעל פּה).

אונזער צווייטע תורה, (די תורה של שבעל פּה), דאָס איז דער תלמוד; ווידער ניט די נביאים און כתובים.

די גאַנצע אידישע וועלט, און אויך די קריסטליכע, גלויבט, אַז די תורה (תורת משה) איז געגעבען געוואָרען פון הימעל דורך משה רבינו. מיט דיזען גלויבען באַשעפטיגען מיר זיך דאָ ניט. שוין אין תלמוד געפינען זיך צווייפלער, וואָס לייקענען דאָס אָפּ. אָבער אפילו די וואָס גלויבען, אַז די תורה איז אַרונטערגעבראַכט געוואָרען פון הימעל, האַלטען אויך, אַז משה האָט די תורה אויפגעשריבען, אַז זי איז נאָכהער פאַרגעסען געוואָרען, און אַז עזרא הסופר האָט זי ווידער אויפגעשריבען, ווען די אידען זיינען צוריקגעקומען פון בבל.

דאָס איז אַ ברייטער וויסענשאַפטליכער עניין, און, ווי געזאָגט, מיר קענען זיך דאָ מיט דעם ניט פאַרנעמען. זיכער איז פון דעם אַלעס, אַז עס איז געווען אַ צייט ווען די אידען האָבען געלעבט אָהן אַ געשריבענער תורה. ווען די תורה איז אין אמת'ן אויפגעשריבען געוואָרען איז ניט באַוויזען. עס איז אָבער זיכער, אַז די נביאים און די כתובים זיינען געשריבען געוואָרען פיעל שפּעטער, און אַז די נביאים און כתובים זיינען פאַרהייליגט געוואָרען הונדערטער יאָהר נאָכדעם ווי די תורה איז געוואָרען אויפגעשריבען, אַז די תורה איז אַלע מאָל געווען הייליג ביי די אידען. דאָס באַווייזט ווידער דעם חילוק וואָס די אידען מאַכען צווישען דער תורה און די הייליגע שריפטען, די ביבעל.

דאס איז דער וויכטיגער פונקט.

פון וואנען קומט, וואס מיר באטראכטען תורת משה פאר אונזער ערשטער תורה, דעם תלמוד פאר דער צווייטער תורה, די נביאים וכתובים בלויז פאר הייליגע שריפטען, ווערענד די קריסטליכע וועלט אנערקענט דעם תלמוד גאר ניט און ווארפט צוזאמען די תורה, די נביאים וכתובים אין איין בוך, און רופט זיי אלע: די ביבעל, דאס בוך, די הייליגע שריפטען?

דיזער אונטערשייד אין דער קלאסיפיקאציע קומט ביי אונז פון אן אונבאוואוסטען, אבער געזונטען היסטארישען אינ־סטינקט. דאס קומט פון דעם, וואס דאס אידישע פאלק באַ־טראכט די תורה (תורת משה) ניט אלס ליטעראטור אין דעם זין ווי דאס ווארט ווערט געווענליך פארשטאנען, גע־וויס ניט אין דעם זין פון שעהנע ליטעראטור.

דאס שטימט פאלשטענדיג מיט די געדאנקען, וואס זיינען אויסגעדריקט געווארען אין די פריהערדיגע ארטיקלען. דאס אידישע פאלק אין אלטערטום האט געהאט א תורה און א לי־טעראטור. דאס זיינען געווען צוויי באזונדערע זאכען. די תורה, דאס איז געווען דער קאדעקס, די געזעצגעבונג; די נביאים און די כתובים — דאס איז געווען די אידישע ליטעראטור. די ליטעראטור אין א ברייטען זין, ניט נאר די שעהנע ליטעראטור. אין די נביאים, אין תהילים, אין שיר השירים, קהלת, איוב, רות, משלי, דברי הימים, מלאכים און די אנדערע שריפטען, האבען מיר די לירישע פאעזיע, דאס ליבע ליעד, די דערצעהלונג, די פי־לאזאפישע דראמא, די פילאזאפיע, די פובליציסטיק. די שפּריכ־ווערטער, די געשיכטע־שרייבעריי א. ז. וו. אלע פארמען פון דעם געשריבענעם ווארט.

ווי לאנג דאס אידישע פאלק האט געלעבט אן אייגענע פאלי־טישע לעבען, איז די „ליטעראטור“ ניט געווען דאס וויכטיגסטע אינ'ם לעבען. דאס פאלק האט זיך ווייניג באשעפטיגט מיט דעם בוך, מיט דעם ספר, און דאס פאלק איז ניט געווען קיין עם הספר. די תורה? דאס איז צו יענער צייט ניט געווען קיין לי־טעראַרישע ווערק, פונקט ווי עס איז ניט די ענגלישע „מאג־נא קארטא“, פונקט ווי עס איז ניט די אמעריקאנער קאנסטי־טוציע. אודאי האט די תורה געהאט איהרע גרויסע ליטעראַ־

רישע מעלות, פונקט ווי די קאנסטיטוציע האט איהרע ליטערא־ רישע מעלות, אבער ניט דאס איז עס געווען, וואס האט איהר געמאכט היילינ ביי דעם פאלק.

און פונקט ווי היינט, האבען די „ליטעראטען" פון יענער צייט, די נביאים, די סופרים, די שרייבער ניט געשפילט די גרויסע ראלע. די גרויסע מענשען ביי די אידען זיינען דאן גע־ ווען טעטיג אין דעם עפענטליכען לעבען, די געזעצגעבער, די כהנים גדולים , די מלכים. דאס זיינען געווען אין די פאר־ שיידענע צייטען משה, אהרן, שאול, דוד, שלמה, עזרא, נחמיה, די מאקאבעער, און אנדערע פון דעם זעלבען שניט.

ווען די אידען זיינען פארטריבען געווארען אין גלות, הא־ בען זיי נאטירליך מיט גענומען דאס ערשטע און וויכטיגסטע אין לעבען — די רעליגיע. ד. ה. זייער נאציאנאלע קולטור, די אנשויאונג אויף דעם לעבען.

די פאליטישע פארטיילונג פון די פעלקער אין דער פער־ זישער אימפעריע, און די רעכטע וואס די פעלקער האבען זיך ערווארבען, איז געווען לויט דעם איינפלוס, וואס יעדע רעלי־ גיע האט אויך געקענט באשאפען. דאס פאלק וועמעס רעלי־ גיע האט געקראגען א העכערע אנערקענונג, האט אויך באקומען די מערסטע רעכטע. די פאליטישע קעמפע האבען זיך אויסגע־ דריקט אין רעליגיעזער קאנקורענץ. דאס רעליגיעזע לעבען איז אזוי ארום נאך געווארען א נויטווענדיגע לעבענס באדינגונג אין גלות.

די אידישע „קאנסטיטוציע", די תורה שבכתב, איז גע־ ווען פארפאסט פאר באדינגונגען, וואס האבען זיך ניט גוט צוגע־ פאסט צו דעם לעבען אין בבל. די תורה איז דאדורך טיילוויז פארגעסען געווארען, און עס איז באשאפען געווארען א נייע תורה, א תורה וואס האט זיך מעהר צוגעפאסט צו די נייע אומשטענדען. פון דער אלטער תורה האט מען ניט געקענט אוועקגעהען, האט מען געמוזט נעמען אויסטייטשען, אויסליי־ גען און ערקלערען. אזוי ארום איז ענטשטאנען פריהער די משנה, נאכהער די גמרא, צוזאמען איז עס געווארען דער תלמוד. פונקט ווי עס טהוט היינט דער אמעריקאנער סופרים קאורט מיט די

אמעריקאנישע קאנסטיטוציע. זעהר אפט מיט די זעלבע דרייד־לער.

דיזע אויסטייטשונגען זיינען מייסטענס געווען מינדליכע. מען רופט עס דאדורך די תורה שבעל פה. פאר קיין ליטעראטור איז עס ניט באטראכט געווארען.

ערשט שפעטער, פיעל שפעטער, נאך דעם חורבן בית שני, ווען דאס אידישע פאלק האט אויפגעהערט צו לעבען אן אייגען לעבען; ווען דאס זעלבסטשטענדיגע פאליטישע לעבען האט לחלוטין אויפגעהערט; ווען דאס טעגליכע לעבען האט מעהר ניט געשאפען קיינע נייע פראבלעמען, ערשט דאן זיינען די אלע זאכען געווארען א ציעל פאר זיך, א בוך צום שטודירען. דאן ערשט, איז די תורה, צוזאמען מיט די נביאים און די כתובים, צוזאמען מיט דער הלכה, וועלכע שמאי און הלל האבען שוין פריהער אנגעהויבען זאמלען, צוזאמען מיט דער גמרא, געווארען דאס „בוך“, אונזער ספר; און מיר, דאס עם הספר.

ווען דאס לעבען האט אויפגעהערט, און מיר האבען אויפגעהערט צו שאפען, דאן האבען מיר זיך פארטיפט אין דעם בוך, און דאס וואס איז פריהער געווען דאס לעבען, די קולטור, איז איצט געווארען די ליטעראטור.

עטוואס ענליכעס, הגם ניט גענוי דאס זעלבע, האט פאסירט מיט דער גריכישער פילאזאפיע. דורך דעם גאנצען מיטעל אל־טער, איז אריסטאטעל געווען דאס „בוך“, וואס די גאנצע וועלט האט שטודירט, ביז עס האט זיך אנגעהויבען די רענע־סאנס. דאס ווידעראויפלעבונג פון דער נייער לעהרע.

איז אונזער נייע אידישע „קולטור“ א רענעסאנס?

# איז מעגליך אידישע קולטור

אויב קולטור איז די סומע פון אלע געזעלשאפטליכע טעטיגקייט, מאטעריעלע ווי גייסטיגע, עטישע ווי עסטעטישע; און אויב „נאציאנאלע קולטור" איז די אייגענארטיגע וועלט אנשויאונג פון א פאלק, וואס ארבייט זיך אוים, אין פארלויף פון די פיעלע דורות, צוזאמען מיט דיזער געזעלשאפטליכער טעטיגקייט, און אלס רעזולטאט פון דיזער טעטיגקייט, דאן מוז די נייע אידישע קולטור זיין א זעהר באשרענקטע, און פון נאציאנאלע קולטור איז אפילו ניטא וואס צו ריידען.

אונז פעלען אלע מיטעל דורך וועלכע, און מיט וועלכע אזא קולטור קען ווערען באשאפען. מיר האבען ניט קיין אייגענעם פאלקס לעבען און, שליסליך, קיין אייגענעם עפענטליכעס לעבען. דאס סאציאלע, פאליטישע און אינדוסטריעלע לעבען ווערט ניט פון אונז אנגעפיהרט; די פאליטישע אינסטיטוציעס זיינען ניט פון אונז געשאפען; די קולטורעלע איינריכטונגען זיינען ניט אונזערע; מיר גיבען ניט און קענען ניט געבען קיין ריכטונג אין דער קונסט; די שפראך דורך וועלכע די אלע זאכען ווערען געשאפען אין די אומגעבונג אין וועלכע מיר געפינען זיך, איז ניט די שפראך מיט וועלכע מיר באנוצען זיך. מיר קענען אלס א פאלק דאס ניט ענדערען. מיר וואלטען דאס ניט געקענט טהון, ווען מיר אלע, דאס גאנצע אידישע פאלק, וואלטען אפילו געלעבט אין איין פרעמד לאנד. מיר קענען דאס נאך ווייניגער צוליב דעם, וואס מיר זיינען צושפרייט „אין אלע הערען לענדער".

ווי אזוי קענען מיר שאפען א אידיש נאציאנאלע קולטור אין רוסלאנד, אין דייטשלאנד, אין ענגלאנד, אין פראנקרייך און

אין אמעריקא אין איין ציים, ווען די באדינגונג פאר קולטור־שאַ־פען זיינען אזוי גרינדליך פארשיעדען אין דיזע אלע לענדער?

וועלכע טייל פון אונז זאל דאס באשאפען די קולטור? קען די אידישע קולטור, וואס וועט באשאפען ווערען אין אמעריקא זיין צוגעפאסט פאר די אידען אין רוסלאנד, און פארקערט? אדער קענען מיר אלע צוזאמען באשאפען אזא קולטור, ווען מיר לעבען אונטער פאלשטענדיג־באזונדערע אומגעבונגען?

עס זיינען אפילו ביי אונז דא אזעלכע, וואס ריידען, למשל, פון א ספעציעלע אידישע „עקאנאמיקע", וואס איז גילטיג אי־בעראל, אבער דאס איז א טעאריע וואס קיינער אויסער די עט־ליכע נעמט ניט ערנסט. עס איז ניטא קיין אידישע „עקאנא־מיקע". עס זיינען דא „אידישע" פרנסות, פון וועלכע אידען האבען ניט קיין פרנסה, און וועלכע זיינען אין אמת'ן ניט אי־דיש, זיי זיינען גיכער דער רעזולטאט פון באשטימטע היסטארי־שע און עקאנאמישע צושטענדע, אונטער וועלכע אנדערע פעל־קער־שאפטען זיינען אונטערווארפען גלייך מיט אידען. און דיזע "פרנסות„ זיינען ניט דאס מאטעריאל פון וועלכע עס ווערט געשאפען קולטור. זיי זיינען גיכער די צושטערער פון אלע קולטור מעגליכקייטען.

„ אחד העם" האט דאס שוין פון לאנג איינגעזעהן. ער האט דאדורך אויפגעבויט זיין ציוניזם אויף דעם געדאנק פון א קול־טור צענטער (מרכז רוחני). אחד העם'ס ציוניזם איז ניט א פארלאנג צו באזעצען אלע אידען אין דעם אלטען אידישען לאנד. אין דעם פונקט אונטערשיידעט ער זיך פון די איבעריגע ציונים־טען. ער צווייפעלט אין דער מעגליכקייט פון דעם, אז אלע אי־דען זאלען זיך ווען עס איז באזעצען אין פאלעסטינא. ער איז איבערצייגט, אז עס וועט נאך דויערען זעהר לאנג ביז דאס וועט געשעהן, אויב עס וועט איבערהויפט געשעהן. עס ארט איהם אויך ניט שטארק צו וועלען זיך אלע באזעצען אין ארץ ישראל צו ניט. אין וואס איהם געהט, און צוליב וואס ער וויל זיין ציוניזם איז צוליב דער אידישער קולטור.

ער ציטערט ניט אזוי פאר די אידען וני פאר דער אידיש־קייט. ביי איהם איז דער עיקר דאס „יהדות, ניט די יהודים". דאס אידישע פאלק מוז אונטערגעהן; דאס אידישע פאלק

קען ניט לעבען אן די אידישע אידעאלען, אן די ספעציעלע, איי־גענארטיגע אידישע קולטור. און די אידישע קולטור קען ניט עקזיסטירען, און קען זיך ניט אנטוויקלען אין גלות.

דער באָדען אויף וועלכען די אידישע קולטור קען בליהען און וואקסען און געדייהען איז פאלעסטינא. עס מוז דאדורך באשאפען ווערען א „קולטור צענטער" אין ארץ ישראל, און דיזער „קולטור צענטער" וועט באלעבען און שטארקען און אויפהאלטען די אידען אין גלות.

פאלעסטינא דארף לויט איהם ווערען, אויב מען מעג זיך אויסדריקען אזוי איינפאך, א ליפעראנט פון קולטור פאר דעם גאנצען אידישען פאלק, וואו עס זאל זיך ניט געפינען. פונקט ווי ענגלאנד איז פאר א לאנגע צייט געווען דער ווערקשטאט, די פאבריק, פון אלערליי סחורות פאר דער גאנצער וועלט, אזוי דארף פאלעסטינא ווערען דער ווערקשטאט פון קולטור פאר דעם אידישען פאלק אין דער גאנצער וועלט.

דאס איז די מיינונג פון אחד העם, און ווי איך האב שוין באמערקט, דער גאנצער ציונים איז, ניט ווילענדיג און ניט ווי־סענדיג, גוטה צו דיזער מיינונג.

אין דיזען פונקט האט ער רעכט, ער מאכט אבער א טעות, נאך מיין מיינונג, אין אנאנדערען, זעהר וויכטיגען פונקט.

דער טעות פון „אחד העם", און פון אלע וואס האל־טען מיט איהם, באוואוסט און אונבאוואוסט, באשטעהט אין דעם , וואס ער גלויבט, אז קולטור, און אויך נאציאנאלע קול־טור, איז א זאך וואס קומט פון דרויסען, וואס מען קען ארויפ־צווינגען אויף מענשען, ווי דער רבש"ע האט אמאל ארויפגע־צוואונגען די תורה, מיט געוואלט. זייענדיג אידעאליסטיש אין זיין גאנצער וועלט־אנשויאונג, קען ער ניט איינזעהן, אז קולטור איז א רעזולטאט פון דעם לעבען, און ניט קיין אורזאכע פאר דעם לעבען. זייענדיג א רעזולטאט, מוז די קולטור דאדורך קומען פון אינוועניג ארויס,ניט פון דרויסען אריין. קולטור געהט צוזאמען מיט דעם לעבען, און עס איז באדינגט און ווערט באשטימט פון דעם ארומיגען לעבען. עס איז דאדורך־אונמעגליך, אז מענשען וואס לעבען אויף איין געוויס ארט, אונ־טער באשטימטע אומשטענדען, זאלען קענען באשאפען קולטור

פאר אנדערע מענשען, וואס וואהנען אויף אן אנדער ארט, און אונטער אנדערע אומשטענדען.

ספּעציעל איז אזא זאך אונמעגליך, ווי שוין אויבען באַמערקט, מיט דעם אידישען פאָלק, וואס לעבט אין אלע לענדער, די סאָציאלע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע אומשטענדען פון וועלכע זיינען אזוי פארשיידען איינע פון די אַנדערע.

דאַ וועלען מיר איניגע וועלען כאַפּען ביי א גרייז. עס זיינען דאַ מענשען וואס ווען זיי באַגעגנען א נייעם געדאַנק, אדער אן אלטען געדאַנק אין א נייעם מלבוש, און דערקענען איהם צוליב דעם ניט, זוכען זיי צו געפינען חסרונות, אנשטאט זיך צופּארטראַכטען אין דעם נייעם געדאַנק, אדער געבען א שלום עליכם דעם אלטען.

דיזע מענשען וועלען פרעגען: וואס איז מיט די אלמענשליכע קולטור? אויב עס איז אמת, אז קולטור איז באַדינגט פון דעם ארט און פון די אַרטיגע אומשטענדען, קען דאך גאַר ניט זיין קיין אַלמענשליכע קולטור, ווערענד אין אמת׳ן זעהען מיר אויף יעדען שריט און טריט פונקט דאַס פּארקערטע.

זיי האָבען רעכט דיזע מענשען. עס קען גאַר קיין פראַגע ניט זיין, אז די גרויסע, ברייטע קולטור איז אלמענשליך, אז די פעלקער נעמען כסדר איבער איינע פון די אַנדערע די קולטורעלע אוצרות. אלע גרויסע ליטעראַרישע און וויסענשאַפטליכע ווערק, און אויך די ניט גרויסע ווערק, זיינען איבערזעצט אין אלע שפּראַכען. דאַס זעלבע איז מיט אלע אנדערע קולטורעלע אוצרות. און עס קען אַנדערש ניט זיין. ווען עדיסאָן האָט איינמאַל ערפונדען עלעקטרישעם ליכט, איז ניט נויטיג, און עס איז אויך ניט מעגליך, אז אַנאַנדער מענש אין אַנאַנדער לאַנד זאָל נאָך אמאָל ערפינדען עלעקטריש ליכט. און עס איז אויך אונמעגליך אז די אַנדערע לענדער זאָלען נאָכדעם בלייבען אָן עלעקטריק. עדיסאָן אליין, צוליב זיינע אייגענע אינטערעסען, וועט שוין זאָרגען דאָפיר, אז די איבעריגע לענדער זאָלען זיין באַזאָרגט מיט זיין עלעקטריק. דאַס זעלבע איז מיט דעם טעלעגראַף, אדער טעלעפאָן.

מארקאני'ס „דראטלאזע טעלעגראפיע" איז זעהר שנעל געווארען דאס קולטורעלע אייגענטום פון דער גאנצער וועלט, הגם עס איז געבליבען דאס מאטעריעלע אייגענטום פון באַשטימטע קאפיטאליסטען. דיזע קאפיטאליסטען האבען שוין געזארגט דאפיר, עס זאל ווערען דאס קולטורעלע אייגענטום פון דער וועלט.

ווען א גרויס ווערק ווערט געשריבען. ווערט עס איז די היינטיגע צייטען זעהר שנעל דאס גייסטיגע אייגענטום פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט. דער שרייבער פון דעם גרויסען ווערק און זיין פארלעגער זארגען שוין דאפיר. און די וועלט איז זעהר גערן עס אנצונעמען.

אויף אזוי פיעל איז די מאטעריעלע און גייסטיגע קולטורווירקליך אינטערנאציאנאל. אויף אזוי פיעל וואלטען מן הסתם די אידען אין פאלעסטינא מיטגעארבייט פאר דער אלגעמיינער קולטור. ווען א גרויס ווערק וואלט דארט' געשריבען געווארען, אדער א נייע ערפינדונג אין דער טעכניק וואלט געמאכט געווארען, וואלט דאס די גאנצע וועלט אוו'אי שנעל איבערגענומען, ווי די וועלט האט איבערגענומען די גרויסע אידישע ווערק פון אלטערטום. דאס וואלט אבער ניט נאר באאיינפלוסט די אידען אין גלות, דאס וואלט געווען א געווינס פאר דער גאנצער מענשהייט, אידען און ניט אידען.

ווען מען רעדט אבער פון נאציאנאלער קולטור, פון נאַציאנאלע אידעאלען, פון ספעציעלע אידעאלען וואס די אידען אין פאלעסטינא וואלטען אוראי געשאפען, מיינט מען דאך אזא זאך, וואס וואלט געווירקט איינענארטיג אויף די איבעריגע אידען אין אייראפא און אמעריקא אנדערש ווי אויף אלע איבעריגע מענשען, און דאס איז אן אונמעגליכע זאך. דאס ספעציעלע און אייגענארטיגע שוועבט ניט ארום אין דער לופטען. עס קומט ניט פון הימעל. עס איז בעדינגט פון דעם ארט און די ספעציעלע ארטיגע אומשטענדען, און ס'קען ניט האבען קיין ספעציעלען ווערט פאר אנדערע מענשען וואס לעבען אויף אנאנדער ארט, אונטער אנדערע באדינגונגען.

ווי די זאך זאל אבער ניט שטעהן מיט אחד העם'ס „מרכז רוחני", דאס איז פעסטגעשטעלט: קולטור, און נאציאנאלע

קולטור ספעציעל, איז א רעזולטאט פון א פאלשטענדיגען פאליטישען, סאציאלען און נאציאנאלען לעבען. א גרופע מענשען וואס לעבט ניט אונטער אזעלכע נארמאלע אומשטענדען, מעג די גרופע זיין נאך אזוי גרויס, מעג זי זיין נאך אזוי פעהיג, זי קען קיין פאלשטענדיגע קולטור ניט באשאפען *)

אידישע קולטור אין דעם פולען זינען פון ווארט איז אן אונמעגליכע זאך.

האבען מיר אויף אזא אופן גאר ניט געשאפען קיין קולטור? און וואס איז מיט אונזער נייער אידישער ליטעראטור? וואס איז מיט אונזער „מענדעלע", וואס איז מיט פרץ'ן, שלום עליכם און די איבעריגע פון אונזערע באגאבטע שרייבער? וואס איז מיט דער נייער פאעזיע? וואס איז מיט דער נייער העברעאישער ליטעראטור? וואס איז מיט ביאליק און אנדערע? וואס איז מיט דעם אידישען טעאטער, די אידישע צייטונגען? איז דאס אלעס ניט קיין קולטור און איז דאס ניט א טייל פון דער נייער קולטור וואס דאס אידישע פאלק באשאפט אין גלות?

אט די פראגען הער איך פון אלע זייטען. נאך מעהר: איך בין דער ערשטער זיי צו פרעגען. און דאס ערגסטע דאביי איז, וואס איך בין ניט זיכער צו איך קען די אלע קשיות פארענטפערען צו מיין אייגענער צופרידענשטעלונג.

אזוי ווי יעדע קשיה מוז האבען א תירוץ, אייל איך זיך צו ענטפערען פאלגענדעס:

קיינער שעצט ניט מעהר אונזער נייע ליטעראטור ווי איך; קיינער איז ניט מעהר שטאלץ אויף אונזער ליטערארישע ארבייטער ווי איך. אבער... אומעטום איז דא אן אבער. די ליטעראטור איז, ווי איך האב אויסגעפיהרט אין די פריהעריגע ארטיקלען, נאר איין עלעמענט, און ניט דער וויכטיגסטער, אין דער קולטור.

---

*) דאס איז איינער פון די שטארקסטע ארגומענטען פאר דעם ציוניזם. זעה וועגען דעם ענין אין דער ארטיקעל־סעריע: נייע אידישע באוועגונגען'

אונזערע ליטעראַרישע שאַפונגען קענען דאַרום זיין קולטור שאַפונגען, און זיי זיינען דאָס, און מיר זאָלען דאך ניט זיין אימשטאַנד צו באַשאַפען אַאידישע קולטור.

דאָס איז אָבער ניט דער גאַנצער תירוץ אויף די קשיות. דער גאַנצער ענטפער איז, אַז צוליב דעם, וואָס מיר האָבען ניט קיין אייגענעס און ברייטעס עפענטליכעס לעבען; צוליב דעם וואָס אין אַלע לענדער זיינען מיר האַלב פרעמדע, צוליב דעם איז אונזער גייסטיגעס לעבען אַ באַשרענקטעס און אונזער ליטעראַטור, אויף וויפיעל מיר האָבען זי, קליין און אַפט קליינליך.

אונזער גאַנצעס גייסטיגעס שאַפען טראָגט אין זיך אַ צוויי־פאַכען חסרון.

פון איין זייט גיבען מיר זיך אין גאַנצען אָפּ צו דער פאַנטאַזיע, צו דער פיקציע. מיר לייגען אָפּ אַלע אונזערע כחות נאָר אויף איין פאָרמע פון ליטעראַטור, די שעהנע לעטעראַטור, וועלכע איז ביי אונז ניט אַלע מאָל שעהן, זעהר אָפּט מיאוס, און מיר פאַרנאַכלעסיגען אַלע אַנדערע פאָרמען פון גייסטיגען שאַפען. פון דער צווייטער זייט איז די שעהנע ליטעראַטור, אפילו ביי איהרע בעסטע פאַרטרעטער קליין און אומבאַדייטענד, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע ליטעראַטורען.

---

מיר זיינען איצט אָנגעקומען צו אַ פּונקט, וועלכער פאַרלאַנגט מען זאָל איהם ברייטער אַרומריידען. און דיזער פּונקט איז גראַד אַ געפערליכער. ווען עס איז אַ מורא זיך אָנצוהויבען מיט ליטעראַטען אין אַלגעמיין, איז מיט אידישע ליטעראַטען גאָר אַ סכנה. דער שרייבער מעג זיין נאָך אַזוי ערנסט, ער מעג זיין נאָך אַזוי אונפּערזענליך, ער מעג נאָך אַזוי ליעב האָבען זיין ליטעראַטור און נאָך אַזוי שעצען זיינע ליטעראַטען, קוים וואַגט ער צו קריטיקירען, איז ער ניט זיכער מיט דעם לעבען. אַ שרייבער מעג שרייבען וואָס ער וויל; ער מעג שרייבען חכמות אָדער נאַרישקייט, ספּעציעל נאַרישקייט, מען וועט איהם אַלץ מוחל זיין, נאָר ניט דאָס קריטיקירען. דאָס דאַרף זיך קיינער ניט וואַגען. אידען זיינען איבערהויפּט ציטריג און

חיים געבאָרען. קריטיק קענען זיי ניט פאַרטראָגען. נאָך מעהר אָבער זיינען דאָס אידישע ליטעראַטען.

דאָס ערשטע, פּסל׳ט מען אַזאַ שרייבער אַלס קריטיקער, קוים לויבט ער ניט, פאַרשטעהט ער ניט קיין ליטעראַטור. חיים דער אַפּערייטאָר וואָס לויבט, און פּאַסמאַקעוועט זיך פון יעדע נאַרישע סקיצע, וואָס ערשיינט אין אונזערע צייטונגען, ער איז אַ גרויסער קענער פון ליטעראַטור און קונסט. ווערענד דער״ קריטיקער וואָס לויבט ניט כסדר, פאַרשטעהט אפילו ניט וואָס ער לעזט. ווארים מען דאַרף זיין אַ גרויסער חכם און אַ גרויסער למדן צו פאַרשטעהן אַלע די געדיכטע, ערצעהלונגען, נאָוועלעטען און הומאָרעסקען, וואָס ווערען פריש געבאַקען ביי אונז יעדען טאָג, און וואָס מאַנכע האַלטען פאַר ליטעראַטור.

דאָס צווייטע וואָס מען קען טהון אַזאַ שרייבער איז, וואָס מען ערקלערט איהם פאַר אַ שונא פון דער אידישער שפּראַך און קולטור און ממילא שוין, פאַר אַ שונא ישראל, אַ חוץ וואָס ער קויפט זיך פּערזענליכע שונאים, אַ זאַך וואָס איז קיינמאָל אַנ־גענעם.

אָבער די פראַגע איינמאָל אויפגעוואָרפען, מוז קריגען איהר ענטפער. איך וועל דאַרורך, כדי צו קומען צו אַ לאַגישען שלום פון די סעריע, פּרובירען אַנוואַרפען עטליכע געדאַנקען וועגען דער נייער אידישער ליטעראַטור.

# די נייע אידישע ליטעראַטור

ניט לאנג צוריק האבען עטליכע יונגע לייט, באגייסטערט פאר דער נייער אידישער ליטעראטור, אויף זיך גענומען די זעהר שווערע, ווי ליבענסווערטע, אויפגאבע ארויסצוגעבען א מאנאטליכען זשורנאל אויף ענגליש בלויז פאר איבערזעצונגען פון די נייע אידישע ליטעראטען.

אין זייער גרויסער באגייסטערונג, האבענדיג דער צו די פעסטע איבערצייגונג, אז זייער ארבייט וועט אויפמישען א נייע בלאט אין דער וועלט ליטעראטור, האבען די יונגע לייט גענומען די ערשטע איבערזעצונגען און אוועקגעטראגען צו דר. ערסקין פאר א הסכמה.

דר. ערסקין איז זעהר אן אנגעזעהענער פראפעסאר פון לי־טעאטור אין דעם בארימטען קאלאמביא אוניווערזיטעט. דר. ערסקין האט שוין געמאכט א בכבוד'ען נאמען אלס קריטיקער. ער שרייבט אויך פאעזיע.

אין קאלאמביא אוניווערזיטעט שטעהט פראפעסאר ערסקין זעהר הויך; אן הסכמה פון איהם האט בלי ספק א גרויסע ווערט.

אונזערע יונגע לייט זיינען געוועזען זיכער צו עפענען א נייע וועלט פון שעהנקייט און קונסט פאר דעם פראפעסאר פון ליטעראטור, א וועלט, וועלכע איז ביז איצט פאר איהם געווען פארשלאסען. זיי האבען אודאי געהאפט, אז פראפעסאר ערסקין וועט טיילען זייער באגייסטערונג, און וועט זיי דאנקען פאר דער טובה.

פראפעסאר ערסקין האט געלעזען די איבערזעצונגען. ער האט זיי געלעזען, ווי עס שיינט, מיט ערנסט און מיט א ווי־

לען זיך צו באקענען מיט די נייע אוצרות פון ליטעראטור, און זיך צו זעטיגען מיט איהר שעהנקייט.

ער האט געלעזען און געלעזען און ער איז געבליבען קאלט.

איך פארשטעה דאס ניט, האט ער געענטפערט. אפשר איז עס גרויס, אבער איך קען דאס ניט זעהן.

דאס זיינען ניט געווי זיינע ווערטער. אבער דאס איז דער געדאנק, וואס פראפעסאר ערסקין האט אויסגעדריקט אין דעם ארטיקעל, וואס ער האט געשריבען פאר דעם ערשטען ביכעל, „איסט און וועסט". וואס איז ארויסגעגעבען געווארען אויף ענגליש אונטער דער רעדאקציע פון הלל ראגאף.

איצט שטעלט זיך די פראגע: פארוואס קען א פראפעסאר פון ליטעראטור ניט פארשטעהן אונזערע גרויסע שרייבער?

ער פארשטעהט די פראנצויזען, די דייטשען; ער פארשטעהט די רוסען; ער פארשטעהט די איטאליענער; ער פארשטעהט די נארוועגער; ער פארשטעהט דעם בעלגיער מע־טערלינק, די שפאניער סערוואנטעס אדער קאלדרון; די פא־ליאקען מיטצקעוויטש און סיענקעוויטש; דעם גאנץ אלטען גריך האמער, דעם רוימער ווירדזשיל; די אידען פון אל־טערטום ישעיה און ירמיה; ער פארשטעהט די מאדערנע דייטשע אידען היינע, בערנע און שניצלער, און ער פארשטעהט ניט די מאדערנע רוסישע און פוילישע אידען פרץ, שלום־עליכם, שלום אש אדער אברהם רייזען?

ווי אזוי קען מען פארענטפערען דיזע פראגע?

מען קען נאטירליך, ארויפווארפען די שולד אויף די ארויס־געבער פון דעם זשורנאל. דאס איז דאס לייכטסטע. מען קען זאגען: די ארויסגעבער האבען פאר די ערשטע איבערזעצונ־גען ניט אויסגעקליבען דאס בעסטע און דאס שעהנסטע, וואס אונזערע שרייבער האבען געגעבען.

אין א געוויסען זין איז דאס ריכטיג, מיר האט געשיינט, אז זיי האבען אויסגעקליבען ניט די שטארקסטע זאכען, נאר די שוואכסטע.

אבער דיזער תירוץ איז אויף דעם בעסטען אופן אן אוי־בערפלעכליכער. וואס איז דאס שטארקסטע און וואס איז דאס שוואכסטע, איז סוף כל סוף א געשמאק־זאך, און קיינער איז ניט

זיכער, אז זיין געשמאק איז דער ריכטיגער. דערצו האבען די ארויסגעבער דעם תרוץ, אז פיעלע פון די זאכען, וואס דער זשורנאל האט פארעפענטליכט, זיינען אויסגעקליבען געווארען פון די פארפאסער אליין.

אויסער דיזען קען מען גאנץ דרייסט זאגען, אז וואס זיי וואלטען ניט אויסגעקליבען, וואלט דר. ערסקין אליין געגעבען דעם זעלבען ענטפער. ער וואלט עס ניט פארשטאנען. פרץ'ס „2 בערג" איז, נאך מיין מיינונג, דאס שעהנסטע און דאס שטארקסטע, וואס איז ארויס פון זיין פעדער. וואלט דאס דר. ערסקין מעהר פארשטאנען? געוויס ניט!

ווען קומען אנדערע און זאגען: אונזערע גרויסע שרייבער זיינען טיעף אידיש, טיעף נאציאנאל, און דערפאר קען זיי א ניט־איד ניט פארשטעהן. פונקט דאס, ווען די זאגען, באווייזט די אייגענארטיגקייט פון אונזער קולטור. דאס איז דער סימן, אז מיר האבען אן אמת'ע נאציאנאלע קולטור. דאס קלינגט גאנץ גלאט, אבער עס באווייזט דאס פארקערטע פון דעם, וואס מען וויל דערמיט באווייזען. דאס באווייזט ווי קליין אונזער ליטעראטור איז.

קודם כל וועט דאס הייסען, אז די אנדערע ליטעראטורען, ווי די דייטשע, די רוסישע, די פראנצויזישע, א. ז. וו., וועלכע פראפעסאר ערסקין קען יא פארשטעהן, זיינען ניט טיעף־נאציאנאל.

דאס פאטשט אין פנים די גאנצע טעאריע פון נאציאנאלער קולטור. אויב מיר, די רוסישע און פוילישע אידען, זיינען די איינציגע וואס באשאפען א טיעף־נאציאנאלע ליטעראטור אין סאמע מיטען פון די איבעריגע פעלקער, ווערענד זיי, די פעלקער, באשאפען ניט אזא טיעף־נאציאנאלע ליטעראטור — דאן האלט עס שמאל מיט דער גאנצער טעאריע. דאן איז שוין גאר ניט אזא יחוס צו זיין טיעף־נאציאנאל. דער תירוץ פון טיעף־נאציאנאל פאלט אזוי ארום פון זיך אליין. דאס גאנצע גליק פאר דער טעאריע איז, וואס די גאנצע זאך איז ניט אמת. שלום עליכם איז ניט מעהר טיעף אידיש ווי גאגאל איז טיעף רוסיש, אדער דיקענס טיעף ענגליש. איבסען איז ניט ווייניגער טיעף נארוועגיש ווי פרץ איז טיעף אידיש. פרץ איז יעדענפאלס ניט

טיעפער אידיש ווי עס זיינען געווען אונזער נביאים. ישעיה און ירמיה זיינען געווען עכט אידיש, טיעף אידיש, טיעף נאַציאָנאַל. און פּראָפעסאָר ערסקין פאַרשטעהט זיי פון דעסט־וועגען.

טיעף אידיש, טיעף דייטש, טיעף רוסיש א. ז. וו. דאָס איז די גרויסע מעלה פון אַ קינסטלער. דאָס גיט איהם זיין גרויסען ווערט, דאָס גיט איהם דעם שטעמפּעל, דאָס אונטער־שיידעט איהם פון אַנדערע קינסטלער, פון די אַנדערע לענדער און פעלקער.

אבער דאָס אַליין איז ניט גענוג. דאָס מאַכט דעם קינסט־לער ניט פאַר אַ גרויסען קינסטלער.

ווען „טיעף אידיש" איז די אורזאַכע פאַרוואָס ניט־אידען קענען אונזער ליטעראַטור ניט פאַרשטעהן, דאַן האָט זי קיין ווערט, אפילו ניט קיין נאַציאָנאַלען ווערט. נאַציאָנאַלע ווער־טען האָבען נאָר דאַן אַ ווערט, ווען זיי זיינען אינטערנאַציאָנאַ־לע ווערטען.

כדי „נאַציאָנאַלע ווערטען" זאָלען ווערען אינטערנאַציאָ־נאַלע ווערטען", מוזען זיי ערפילען צוויי באַדינגונגען: זיי מו־זען, פון איין זייט, זיין טיעף נאַציאָנאַל; זיי מוזען, פון דער צווייטער זייט, זיין אוניווערזאַל, אַלוועלטליך, אַלמענשליך. ווען אַ ליטעראַריש ווערק ערפילט דיזע צוויי באַדינגונגען, דאַן איז עס אַ קולטור אוצר פאַר דער נאַציאָן, צו וועלכער דער קינסט־לער געהערט, ווייל עס איז אַ קולטור אוצר פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

אַלמענשליכע טיפען, איינגעפאַסט אין נאַציאָנאַלע ראַמען און באַפוצט מיט נאַציאָנאַלע צירונג — דאָס איז די גרויס־קייט פון אַ פאָלק אין ווירקליכען לעבען. דאָס איז אויך די גרויסקייט פון אַ פאָלקס ליטעראַרישע שאַפונגען.

אונזערע ליטעראַטור איז טיעף אידיש, אבער דיזע גרויסע מעלה ווערט איהר גרויסער חסרון צוליב דעם, וואָס איהר געהט אָפּ די צווייטע מעלה. זי איז ניט אַלמענשליך. זי איז טיעף אידיש און מעהר גאָרניט. דאָס טיעפע אידישע אַליין איז אבער אין זיך אַליין גענומען, גאַנץ פלאַך, אונבאַדייטענד און אַליין. זי קען דאַרום צו אַנדערע ניט אַפּעלירען, און צו אונז

אליין אפעלירט זי נאר אויף א קורצע צייט, מיר וואקסען איהר שנעל אריבער.

---

איך האב געלעזען, און לעז, די אידישע ליטעראטור ניט ווי א קריטיקער, ניט ווי א מענש, וואס זעצט זיך לעזען א בוך מיט א בלייפעדער אין האנט און מיט דעם באוואוסטזיין פון א ריכטער אין הארצען, וואס פילט זיך בארופען צו אור־טיילען איבער דעם לעבען און טויט פון דעם בוך. איך לעז די אידישע ליטעראטור, פונקט ווי די ניט־אידישע, פאר אלעם און הויפטזעכליך, צוליב מיין פארגעניגען און באלייכטונג פון דעם לעבען. איך בין אויפגעוואקסען, מען קען זאגען, צוזאמען מיט דער אידישער ליטעראטור. איך האב איהר געלעזען ווי זי איז ענטשטאנען פון טאג צו טאג, זייט איך בין געווען א קינד פון זעקס יאהר.

גראד צוליב דעם נעם איך זיך דא ניט אונטער צו שרייבען אן אויספירליכע קריטיק איבער דעם אדער יענעם שרייבער לויט א היסטארישען סדר. איך וויל אייגענטליך קיין איינ־ציגען ניט קריטיקירען. איך וויל דא נאר איבערגעבען אן אל־געמיינעם איינדרוק, דערמאנענדיג דעם אדער יענעם שרייבער, ווי ער קומט מיר אויף דעם זכרון בעת שרייבען, כדי צו בא־קרעפטיגען די געדאנקען, וואס זיינען ביז אהער ארויסגעזאגט געווארען.

און ווען איך געה איבער אין מיין זכרון אט דיזע גאנצע ליטעראטור, אנהויבענדיג פון „מענדעלע“ ביז די גאנץ נייע, און פרעג זיך: וועלכע זיינען די גרויסע טיפען, אדער וועלכער איז דער גרויסער טיפ, אין אונ־זער ליטעראטור, וואס קען ערפילען די אויבענדערמאנ־טע צוויי באדינגונגען — צו זיין טיעף אידיש און אלוועלטליך אין דערזעלבער צייט, געפין איך ניט קיין איינעם, אויף וועל־כען זיך אפצושטעלען. מען מוז אין זינען האבען, אז איך מעסט דעם ווערט פון אונזער ליטעראטור ניט מיט תרוצים, ניט מיט „אויבס“, ניט מיט „נעמענדיג אין אנבאטראכט“ א. ז. וו. איך מעסט זי מיט אן אמת׳ע, פולע מאס, מיט דער מאס פון דער

אַלוועלטליכער ליטעראַטור. פאַר אַזאַ מאַס איז אונזער ליטע־ראַטור נאָך ניט דערוואַקסען.

פינף און צוואַנציג יאָהר לאַנג בין איך געווען, און נעבלי־בען, אַ באַגייסטערטער לעזער פון י. ל. פּרץ. אָבער אויך פּרץ'ס טיפּען זיינען ניט געמאַכט פאַר אַזאַ מאַס. דעם איינציגען ווירקליך גרויסען „טיפּ", וואָס פּרץ האָט באַשאַפען, דאָס איז י. ל. פּרץ אַליין. אָבער דיזען „טיפּ" קען מען פאַרשטעהן נאָר דאַן, ווען מען לעזט איהם יאָהרען לאַנג מיט ליעבע. אַלע אַנדע־רע טיפּען פון פּרץ זיינען, אמת, טיעף אידיש, זיי פעהלט אָבער דאָס אַלמענשליכע. צוליב דיזען האָבען זיי ניט דעם ריכטיגען ווערט. אפילו זיינע „צוויי בערג", דער חסידישער רבי און דער בריסקער רב, צוויי אמת'דיגע „בערג" זיינען נאָר פאַרשטענד־ליך, און קענען נאָר אַפּעלירען צו אידען, און דאָס ניט צו אַלע אידען. אידען וואָס זיינען געבוירען און אויפגעצויגען אין אַמע־ריקאַ אָדער ענגלאַנד, האָבען קיין פאַרשטענדנים ניט פאַר די־זע „בערג", זיי זיינען צו לאָקאַל, צו באַשרענקט.

עס וועט ביי מאַנכע אפשר אויסקומען ווי אַ חלול השם היינט שוין, אַזוי שנעל נאָך זיין פריהצייטיגען טויט, צו זאָגען וועגען שלום עליכם'ס ווערק וואָס איך וויל דאָ זאָגען, און וואָס איז אַלע מאָל געווען מיין מיינונג. אָבער דער אמת מעג געזאָגט ווערען. ביי אַזעלכע פראַגען איז ניט פאַראַן קיין פּערזענליכ־קייט. שלום עליכם באַלאַנגט צו אונז אַלעמען. עס איז ניט די פראַגע פון זיין פּערזאָן, אפילו ניט פון זיין טאַלאַנט.

דיזער אמת איז, אַז שלום עליכם'ס טיפּען זיינען אַלע קליין, וואַכעדיג, פּראָסט, טרוקען און קליינליך.

נעמט מנחם מענדעל. ווער איז מנחם מענדעל? וואָס פאַר אַ ראָלע שפּיעלט ער אין לעבען, און וואָס פאַר אַ ראָלע קען ער שפּיעלען אין דער ליטעראַטור?

מנחם מענדעל איז אַ פּראָסטער אידעל, אַ פּוסט און פּאַס־ניק, אַ מענש וואָס לעבט פון ווינט, זאָרגט ניט פאַר ווייב און קינדר, כאַפּט זיך אַלע טאָג אַז אַז אַנדער זאַך, שטעלט זיך פאַר גליקען, צעהלט אין פאָראויס די מיליאָנען, וואָס ער וועט מאַ־כען און ענדיגט יעדעס מאָל מיט דעם, וואָס ער האָט ניט דריי קאָפּיקעס אויף אַ מאַרקע צו שיקען אַ בריף צו זיין ווייב.

אַט דאָס איז דער גאַנצער מנחם מענדעל, ניט מעהר און ניט וויינינגער. אודאי איז אַ גרויסער רחמנות אויף מנחם מענדלען, וואָס איהם פעלט אוים געלט אויף מאַרקעס. וואָרום מנחם מענדעל איז אַ גרויסער בריף־שרייבער, רק ער שרייבט בריף צו זיין ווייב שיינע שיינדעל. אָבער איז דיזער טראַגעדיע איז שולדיג שלום עליכם אליין. צו וואָס האָט ער איהם געלאָזען שרייבען אַזוי פיעל אומזיסטע בריף? דריי, פיער, העכסטענס פינף בריף זיינען נויטיג געווען ארויסצוברייננגען זיין איינפאַכע נאַטור.

טוביה דער מילכיגער איז שוין אביסעל מעהר מענש, אָבער ווייטער פון יעהופעץ געהט ער ניט. אַ איד געבוירען אין ניו יאָרק, וועט ניט פיעל פאַרשטעהן פון איהם.

אַט דאָס איז דאָך זיין גרויסקייט, וועט אַ גרויסער פאַרעהרער פון שלום עליכם אונטערכאַפּען. ער האָט געמאָלט דאָס אידישע לעבען פון זיין צייט ווי עס איז געווען. גערעכט! איך דיסקוטיר אָבער ניט די גרויסקייט פון שלום עליכם, נאָר די קליינקייט פון די אידישע טיפּען, פון דעם אידישען לעבען. דאָס איז דער פונקט.

איך האָב אַמאָל געזאָגט אברהם רייזען׳ען, דאָס די אידישע אָרימקייט אין דער ליטא האָט אין איהם געפונען איהר אמת׳ן דיכטער. איך האָב ווירקליך געמיינט איהם צו לויבען, ער אָבער האָט זיך געפונען באַליידיגט. וואָס עפּעס אַ דיכטער פון אידישער אָרימקייט אין דער ליטא? איך בין אַן אַלגעמיינער דיכטער, האָט ער געענטפערט מיט פאַרדרוס. מיר זיינען ביידע געווען גערעכט. איך, מיט מיין אָפּשאַצונג פון זיין טאַלאַנט; ער מיט דעם וואָס ער האָט זיך געפונען באַליידיגט. אינסטינקטיוו פילט ער, אַז עס איז צו קליין פאַר זיין טאַלאַנט צו זיין דער דיכטער פון אידישער אָרימקייט אין דער ליטא. פון אידישע אָרימקייט אין דער ליטא איז ניטאָ וואָס צו באַגייסטערט ווערען, ווי עס איז ניטאָ וואָס באַגייסטערט צו ווערען פון אָרימקייט איבערהויפּט. דחקות, אָרימקייט איז ניט קיין גוטער מאַטעריאַל, פון וועלכען אַ קינסטלער קען שניצען שעהנע פיגורען. ווען פון אָרימקייט שפּרינגט ארוים אַ לינקאָלן, אַ בעבעל, איז דאָס ניט צוליב דער אָרימקייט, נאָר איהר אויף להכעיס.

די אָרימקייט אַליין איז ניט שעהן, און ניט ערהאבען. און ביי אונז איז די אָרימקייט ניט מעהר ווי אָרימקייט. די בעבעלס און די לינקאָלן׳ס קענען ביי אונז ניט אַרויסשפּרינגען. דאָס לעבען איז ניט מסוגל דערצו. אויב דאָס פּאַסירט אַמאָל יא, דאַן קומט עס ניט פון אונזער לעבען, און דיזע זיינען ניט מעהר אונזערע.

איז דאָס אפשר די שולד פון אונזערע ליטעראַטען? איז דאָס אַלץ אפשר צוליב דעם, וואָס מיר פאַרמאָגען ניט די באַגאַבטע און פעהיגע שרייבער? איז דאָס צוליב דעם, ווייל אונז פעלען די טאַלאַנטען?

דאָס קען מען ניט זאָגען. מאַנכע פון אונזערע טאַלאַנטען שטעהען אין פעהיגקייט, אין זשעניאַליטעט ניט נידעריגער, מאַנכעס מאָל העכער, פון פיעלע ניט־אידען, וואָס שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין דער וועלט־ליטעראַטור. שולדיג איז דאָס מאַטעריאַל, מיט וועלכען אונזערע קינסטלער זיינען געצוואונגען צו אַרבייטען. שולדיג איז אונזער לעבען, וואָס איז קליין, אונאינטערעסאַנט, אַן וויכטיגע באַגעבענהייט, און אַן וויכטיגע אויפגאַבען. מען קען פון קיין אָרימען, איינפאַכען, ניט טעטיגען לעבען קיין גרויסע טיפּען ניט באַשאַפען. פון ליים וואָס איז טרוקען, וואָס האָט אין זיך קיין פעטקייט, וואָס ברעקעלט זיך און צופאַלט כסדר, קען מען קיין שעהנע פיגורען ניט קנעטען. מעג דער קינסטלער זיין נאָך אַזוי גרויס.

מיר לעבען אַ ענגעס, שמאָלעס און אונבאַדייטענדעס לעבען. אונז פעהלט די ברייטע האַנט און דאָס ברייטע האַרץ. מיר זיינען טיעף, אַבער ניט ברייט!

אונזער ליטעראַטור איז דערפאַר ענג און שמאָל און אונבאַדייטענד. זי איז טיעף אַבער ניט ברייט. איהר פעלט דאָס אַלמענשליכע.

דערפאַר קען אונז אַן ערסקין ניט פאַרשטעהן:

מען דאַרף אַבער גאָר ניט געהן אַזוי ווייט. עס איז גאָר ניט נויטיג זיך צו ווענדען צו אַן אַמעריקאַנער קריסט. מיר קענען דאָס הערען פון אונזערע אייגענע קינדער. ווער פון די אַמעריקאַנער געבוירענע אידען קען פאַרשטעהן די „קליאַטשע“, אָדער די „טאַקסע“ פון מענדעלע מוכר ספרים? ווער פון זיי קען

פארשטעהען פריץ'ס חסידישע מעשה'לעך, שלום עליכם'ס „טוביה דער מילכיגער״?

ביי אלע פעלקער אנטוויקעלט זיך דאס לעבען צוזאמען מיט דער ליטעראטור, און די ליטעראטור צוזאמען מיט דעם לע־בען. ביי אונז אנטוויקעלט זיך דאס לעבען אוועק פון דער לי־טעראטור. מיט אמאל, מאכט זיך עפעס א קאטאסטראפע און מיר צולויפען זיך אין אלע עקען וועלט. אונזערע קינדער, וואס ווערען געבוירען אונטער נייע אומשטענדען, פארשטעהען ניט מעהר די שפראך פון אונזערע עלטערען.

אפילו אונז אליין געהט עס אויך ניט בעסער. מיר אליין פארלירען דאס פארשטענדניס פאר דער ליטעראטור. מיר פארשטעהען זי נאר פאר א קורצע צייט. פון דעם קומט וואס מיר האבען אזוי פיעל געפאלענע „שטערען״, ווער עס איז ביי אונז געווען גרויס נעכטען, איז קליין היינט. אפילו אזא ריזיגער טאלאנט ווי מענדעלע האט ניט אויסגעמידען דעם אל־געמיינעם שיקזאל. ער איז א פרעמדער צו דעם נייעם דור אפילו אין רוסלאנד.

ווי לאנג איז נאר ווי יצחק יואל לינעצקי איז ביי אונז גע־ווען א לייטענדער שטערען, און ווי שנעל איז ער פארגעסען גע־ווארען?

יהודא ליב גארדאן, דער העברעאישער דיכטער, האט שוין ביי זיין לעבען געשטעלט די פראגע: פאר וועמען ארבייט איך? (למי אני עמל?) און ער האט געהאט רעכט. עס איז נאך נאר ניט לאנג ווי מען האט איהם באטראכט פאר א גרויסען פאעט. וועד דענקט היינט אזוי? און וועד ווייס וואס מען וועט דרייסיג, פערציג יאהר שפעטער דענקען פון ביאליק'ן?

ש. פרוג, יעקב גארדין און מארים ראזענפעלד זיינען נעהענ־טערע ביישפיעלע. דאבײ האט מארים ראזענפעלד ווירקליך אריינגעבראכט א נייע נאטע אין דער אידישער פאעזיע.

אגב אורחא, אויף וויפיעל מארים ראזענפעלד איז אל־מענשליך, אויף אזוי פיעל האט די איבעריגע וועלט איהם ווירק־ליך פארשטאנען און אפגעשאצט. דאס וואס ער איז געווען טיעף אידיש, דאס האט איהם גארנישט געשטערט.

דאס אלץ, ווי געזאגט, איז ניט די שולד פון אונזערע קינסטלער. עס איז די שולד פון אונזער לעבען, וואס איז ניט מסוגל פאר גרויסע קולטור שאפונגען. ביי אנדערע פעלקער איז דאס לעבען אפט צו גרויס פאר די ליטעראטען, ביי אונז זיינען די ליטעראטען אפט צו גרויס פאר דעם לעבען.

וואס איז דער סוף פון דעם אלעם?

דעם סוף ווייס איך ניט. איך האב מורא עס איז א מעשה אהן א סוף. און עס איז גאר ניט נויטיג איך זאל דערצעהלען דעם סוף.

# נייע באוועגונגען ביים היגען
# אידישען פראָלעטאריאט

# נייע באַוועגונגען ביים היגען אידישען פּראָ־לעטאַריאַט

דער נייער שטראָם פון אידישע אימיגראציע, געטריבען צו אונזערע ברעגעס פון די כוואַליעס פון דער רוסישער רעוואָלוציע און איהר באַגלייטער, די באַרבאַרישע פּאָגראָמען אויף אידען, האָט מיט געבראַכט אין זיין שליאַד אַ אונטערשטראָם פון נייע אידעאַלען און אידעען, וועלכע האָבען די לעצטע צייטען באַוועגט די געמיטהער פון דעם אידישען ארבייטער אין זיין אַלטער היים.

דיזע נייע אידעאַלען און אידעען, האָבען אין אונזער קליין וועלטעל אַרויסגערופען אַ ניי לעבען, מיט נייע געדאַנקען, נייע געפילען, נייע שטרעבונגען, נייע אויפגאַבען און נייע האָפנונ־גען.

ביז ניט לאַנג צוריק איז דאָס אינטעלעקטועלע לעבען פון דער „איסט סייד" געוועזען פאַרנומען הויפּטזעכליך מיט אַלגע־מיינע סאָציאַלע פראַגען. ריכטיגער, מיט'ן סאָציאַליזם.

אמת, דער פילאָזאָפישער געדאַנק פון דער איסט סייד האָט ניט פאַרנאַכלעסיגט די וויכטיגע פראַגען פונ'ם טאָג, אויך האָ־בען די איסט סיידער פאַר אַ מינוט ניט פאַרגעסען די לאַגע

*) ערשינען אין דער צוקונפט פון מאַי 1906 אונטער דעם אויפ־שריפט: „ציוניזם, טעריטאַריאַליזם און סאָציאַליזם". ערשינען אין דעמזעלבען יאהר אויסגעבעסערט אין ענגליש, אין דער טשיקאגער International Review אונטער דער אויביגער אויפשריפט.

די מייסטע פּאַרטייען, וועלכע ווערען דערמאַנט עקזיסטירען היינט, אין דעם יאהר 1919, ניט מעהר. זיי האָבען זיך אַלע אַריינ־געגאָסען אין דער פּאַרטיי פּועלי ציון. די קריטיק איז אָבער נאָך היינט גילטיג פאַר די פּועלי ציון.

פון זייערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אין דער היים. דאָס זיינען אָבער געווען זייטיגע זאַכען, אַזוי צו זאָגען. די הויפּט פּראָבלעמע, וואָס האָט באַוועגט דאָס גרויסע האַרץ פון דער איסט סייד פון ניו יאָרק איז געווען דער סאָציאַליזם. אַ זיעג אָדער אַ נידערלאַגע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דעם ווייטסטען ווינקעל פון דער וועלט, איז ביי זיי געווען פון גרע־סערער וויכטיגקייט איידער דער זיעג פון די יאַפּאַנעזער אין פּאָרט אַרטור, אָדער אַן עהנליכע באַגעבענהייט.

דיזעס איז צום גרויסען טייל איצט געענדערט. די אַלגעמיינע פאַרשפּרייטונג פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק דורך גאַנץ רוסלאַנד, דער קאַמף אויף טויט און לעבען וואָס געהט אָן צווישען דעם רוסישען פאָלק און זיין דעספּאָטישע רעגיערונג; די פייגע גוואַלדטהאַטען וואָס די „שוואַרצע מאות“, אָרגאַני־זירט און אונטערשטיצט פון דער ביוראָקראַטיע צו באַקעמפען די רעוואָלוציע, באַגעהען געגען די אידען — אַלע די זאַכען האָ־בען געמאַכט זייער איינדרוק אויף דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם רוסישען אידען, און האָבען פיעל בייגעטראָגען צו דער אָרגאַ־ניזירונג פון אַ צאָל פּאַרטייען, וועמעס אויפגאַבע עס איז צו עטאַבלירען אַן אונאַבהענגיגען אידישען שטאַט, פון איין זייט, און בייצופיהרען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, פון דער אַנדער זייט.

מיט די נייע אימיגראַציע זיינען אַלע טעאָריעס אריבער־געפלאַנצט געוואָרען אויף דעם היגען באָדען, און די היגע אי־דישע וועלט איז באַזעצט מיט פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך פון אַלע סאָרטען.

מיר האָבען פאַר אַלעם די ציוניסטען און די טעריטאָרי־אַליסטען; די פּועלי ציון, די ציוניסטען סאָציאַליסטען, די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען טעריטאָריאַליסטען, און זאָ־גאָר אַנאַרכיסטען נאַציאָנאַליסטען טעריטאָריאַליסטען.

צוזאַמען מיט דיזע פּאַרטייען, האָבען מיר נייע סכסוכים, נייע אונפאַרשטענדנים און נייע מיספאַרשטענדנים; נייע צאַנקערייען און נייע רייסערייען, נייע טעאָריעס און, זעלבסט־פאַרשטענדליך, נייע צייטונגען און נייע זשורנאַלען.

דיזע אַלע פּאַרטייען, ניט קוקענדיג אויף די משונה'דיגע, דרייגאָרענדיגע נעמען, זיינען אין תוך ענג פאַרבונדען איינכ

מיט ס׳אנאנדערע און מיט דעם אורשפּרינגליכען ציוניזם. זיי זיי־נען אין אמת׳ן ניט מעהר ווי א ווייטערע אונלאָגישע אנט־וויקלונג פון דעם ציוניזם. זיי שטעהען און פאלען מיט דעם ציוניזם.

איידער מיר קומען צו די פּאַרטייען, איז דערפאר נויטיג אנצוהויבען מיט דעם ציוניזם.

דער ציוניזם איז ניט קיין נייע באוועגונג ביי אידען. ער איז אזוי אלט ווי דער אידישער גלות. פון דעם טאג וואס די אידען זיינען צום ערשטען מאל פארטריבען געווארען אין גלות, האבען זיי ניט אויפגעהערט צו האָפען צוריקצוקומען אין זייער לאנד.

אין די פארשיעדענע צייטען פון דעם גלות, האָבען זיי אנגעווענדעט פארשיעדענע מיטעל. זיי האָבען זיך אויסגע־נוצט מיט דער פּאָליטישער לאגע פון זייערע שכנים אין דער צייט פון אשור און בבל; זיי האָבען זיך באַנוצט מיט „די־פּלאָמאטיע" אין דער צייט פון כרש מלך פרס, און נאכהער אין די צייטען פון דריוש און אחשורוש אונטער דער פיהרונג פון עזרא ונחמיה; זיי האבען זיך באנוצט מיט די געזעצען און די אינטריגעס פון רוים, ביז זיי האָבען ענדליך די גאנצע אר־בייט איבערגעלאָזען צו דעם פאָטער אין הימעל, ווארטענדיג אויף דעם „ארימאַן רייטענדיג אויף אַן אייזעל" (עני ורוכב על החמור), און האָבען זיך דערווייל ווי עס איז איינגעמאַ־שצעט אין גלות, צייטענווייז גאַנץ באַקוועם.

די האָפנונג און דעם געדאַנק ווידער צו קומען קיין ציון, האָט דער איד קיינמאָל אין גאַנצען ניט אויפגעגעבען; די שבועה וואָס ער האָט געגעבען, זיצענדיג ביי די ברעגעס פון בבל׳ס טייכען: „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני", (מיין רעכטע האַנד זאָל איך פארגעסען, אויב איך וועל דיך ווען פער־געסען, ירושלים), דיזע שבועה האָט דער איד קיינמאָל ניט פאַר־געסען, ניט מעהר, ער האָט געוואָרט, גאָט זאָל איהם אהין פיה־רען „ברנה". יעדען טאָג האָט ער זיך געבעטען „והביאנו לציון עירך ברנה!" (און דו זאָלסט מיר ברענגען אין דיין שטאָדט ציון מיט געזאַנג) אָבער טהון אַ האַנט אין קאַלטען

וואסער פאר דעם האט ער, ווי עס שיינט, קיין חשק ניט גע־האט.

די אכציגער יאהרען פון דעם פאריגען יאהרהונדערט, האבען אריינגעבראכט א נייעם לעבען אין דעם ציון געדאנק.

אונטער דעם שווערען דרוק פון די דאמאלסדיגע פאגראמען, און פון די ספעציעלע געזעצען אונטער וועלכע די אידען זיינען געשטעלט געווארען אין רוסלאנד, (אגב אורחא, יענע געזעצען זיינען געווען א פאלגע פון גאנץ אנדערע אומשטענדען ווי ספעציעלער אידען־האס), האט די „יודען־פראגע" אנגענומען א נייע געשטאלט. דער איד האט אנגעהויבען פרעגען: „ווארום פארפאלגט מען מיך?" און ער איז געקומען צום שלוס, אז ער ליידעט און ווערט פארפאלגט, ניט ווייל ער איז א איד, נור ווייל ער איז א פרעמדער; ווייל ער איז א פרעמדער וואס האט אין ערגעץ ניט קיין היימאט. און אז זיינע ליידען און פארפאלגונגען וועלען אויפהערען נאר דאן, ווען ער וועט האבען אן אייגענע היים: א „רעכטליך געזעצליך געזיכערטע היימאט" און ניט פריהער.

דר. פינסקער האט דער ערשטער אויסגעדריקט דיזען גע־דאנק, נאך איהם איז געקומען משה ליב ליליענבלום אין זיין בראשורע: „על הולדת עם ישראל על ארצו הקדושה אשר לאבותיו הראשונים". (וועגען די ווידערגעבורט פון דעם אידישען פאלק אויף דעם הייליגען לאנד פון זיינע אורעלטערען).

די אידען מוזען האבען אן אייגענע היים! דאס איז פאר זיי זיכער.

די פראגע איז נור געווען און איז נאך ביז יעצט און, ווי איך גלויב, וועט אימער זיין: וואו און ווי אזוי קען מען באקומען דיזע היימאט?

דאס ערשטע וואס די ציוניסטען האבען געטהון איז געווען, זיך אפצו־ווארפען פון דעם „ארימאן רייטענדיג אויף אן אייזעל".

טויזענדער יאהרען האבען די אידען געהאפט און געווארט אויף איהם. אומזיסט! דער שלעפער איז ניט געקומען.

די ציוניסטען האבען זיך דערפאר פון איהם אין גאנצען אפגעזאגט און האבען זיך געווארפען צו דעם „מיליאנער ריי־

טענדיג אויפ'ן אייזעל". די ראטשילדס און די באראן היריש'ס האבען געזאלט געבען דאס קאפיטאל, און דער ארימער איד האט געזאלט זיין דער חמור למשא. דאס איז געוועזן דער קאלאני־זאציאנס־פלאן. וואס פון דעם איז ארויסגעקומען איז באַוואוסט: דער „מיליאנער ורוכב על החמור" האט ניט מעהר געהאלפען ווי דער „עני ורוכב על החמור".

דערווייל זיינען אידען געפאהרען; ווי איינער האט געקענט, האט ער זיך געראטעוועט; מען איז געלאפען ווי פון א שרפה. הונדערט־טויזענדע זיינען געפאהרען, אבער זעהר ווייניגע זיינען געפאהרען קיין ציון, פון וואנען עס קומט די תורה. די גרויסע מאסע איז געלאפען קיין ענגלאנד, קיין אמעריקא, קיין אפריקא און קיין ארגענטיניען, וואו זיי האבען ערווארטעט צו געפינען ברויט און מנוחה.

דאן איז מיט אמאל, ווי פון הימעל, געקומען דר. הערצעל מיט זיין נייע „דיפלאמאטיע".

ער איז פון אלע אידען באגריסט געווארען אלס דער אמת'ער משיח, וואס איז געשיקט געווארען פון גאט צו באפרייען דאס פאלק ישראל.

ער, וואס איז אזוי גוט באקאנט אין דיפלאמאטישע קרייזען; וואס האט אזא הדרת פנים; וואס איז אזוי נאבעל אין כאראקטער; וואס האט אזא מאיעסטעטישען גאנג; וואס ענטציקט מיט זיין ריידען און אימפאנירט מיט זיינע מאניערען; ער, וואס קען זיך שטעלען פאר מלכים; וואס איז זיין גאנץ לעבען געווען פרעמד פון אידען און אידישקייט; וואס איז געווען אזוי גרויס און אזוי רייך, און וואס האט זיך אפגעזאגט פון זיין גאנצע גדולה צו העלפען זיינע אונטערדריקטע ברידער, וואס האבען ניט געוואהנט אין זיין לאנד און וועמעס שפראך ער האט קוים פארשטאנען — זעהט מען ניט אין דעם דעם פינגער פון גאט? וועט ער ניט ברייגנען די גאולה?

דערצו איז זיין פלאן געווען אזוי איינפאך, אזוי פראסט, אז א קינד האט דאס געקענט פארשטעהן: אידען ווערען פארפאלגט, ווייל זיי זיינען אין דער פרעמד, זיי מוזען אלזא האבען אן אייגען לאנד. אזא לאנד איז דא אויף דער וועלט. עס איז טאקע אמאל געווען זייער אייגען, עס ליגט אבער

יעצט ביי דעם טערק אין די הענט. מיט געוואלט קענען אידען דאס לאנד ניט צוריקנעמען, אויף דעם האבען זיי קיין כוח ניט. געלט האבען אידען אבער יא, דער טערק ווידער איז ארעם, דאס בעסטע איז צו קויפען דאס גאנצע לאנד. פאר געלט קען מען היינטיגע צייטען אלץ קריגען.

ווי גרויסארטיג און ווי איינפאך!

ווארום האבען דאס מענשען פריהער אליין ניט פארשטאנען? וואו איז געווען זייער שכל?

אמת, קויפען דאס לאנד איז ניט אזוי לייכט, דאס איז ניט גלאט א מסחור מיט א פראסטען בשר ודם. דא מוז מען אנקומען צו א מלך און דערפאר וועט מען טאקע מוזען אנווענדען „דיפלאמאטיע“ און אויף „דיפלאמאטיע“ איז דר. הערצעל געווען ווי געבארען.

און מיט דער גאנצער ענערגיע, און מיט דעם גאנצען פייער פון א גרויסען בעל חלום, האט דר. הערצעל זיך געווארפען אויף דער ארבייט. זיין גאנצע קראפט, זיין פעהיגקייט און זאגאר זיין אייגען פארמעגען, האט ער אפגעגעבען אויף דיזע גרויסע זאך, אויף דיזען גרויסען חלום.

ער איז געלאפען און געפאדעט און געקלאפאטשעט: ער איז געפאהרען פון איין לאנד אין אנדערן, געגאנגען פון איין מיניסטער צום אנדערען; אפגעהאקט די טירען פון די גרויסע און מעכטיגע; ער האט געקראגען רעקאמענדאציעס, פארשפרעכונגען, אודיענצען; ער האט געהאט אונטערהאנדלונגען מיט גרויסע דיפלאמאטען, מיט אלע דיפלאמאטישע סודות; ער איז אנגעקומען צום סולטאן אליין. און דאס גאנצע אידישע פאלק האט מיט איין איינגעהאלטענעם אטהעם און אן אפען מיל באאבאכטעט יעדע באוועגונג פון איהר נייעם העלד, פון איהר נייעם משיח, אין דעם גלויבען און מיט די האפנונג, אז אט, אט, און עס וועט נעמען אן עק צו די אידישע רדיפות און צרות. אט, אט און דער אייביגער וואנדערער וועט געפינען זיין מקום מנוחה, וואו ער וועט קענען אויסרוהען זיינע אויסגעמוטשעטע און אויסגעטרוקענטע ביינער.

און דער סוף?

וואס דער סוף איז געווען ווייס די גאנצע וועלט. עס האט

זיך ארויסגעשטעלט, אז די גאנצע באוועגונג איז געווען גע־גרינדעט אויף דעם געדאנק, אז דער טערק איז א חמור. דער טערק האט אבער ניט געוואלט שפּיעלען די ראָלע פון דעם חמור. ער האט הערצלען גאנץ פיין צוגענומען, ער האט איהם געמאכט פארשפּרעכונגען, האט צו איהם גערעדט עטליכע גאנץ ציוויליזירטע, ד. ה. חניפה'דיגע ווערטער, אבער ווייטער איז ער ניט געגאנגען.

דר. הערצעל האט דאס אלעס געוואוסט פריהער און בעסער פון אלע אנדערע. אבער צוריק געהן האט ער ניט מעהר גע־קענט. ער איז געקומען צו א פּונקט פון וועלכען ער האט זיך ניט געקענט ריהרען, ניט פאָרווערטס און ניט ריקווערטס. און ער האט געמוזט דורכלעבען די טראגעדיע פון פיעלע אנדערע גרויסע טרוימער. און, ווי באוואוסט, ער האט די טראגעדיע דורכגעלעבט, אבער ניט איבערגעלעבט.

די אייגענטימליכקייט פון די גרויסע אוטאפּיסטען באשטעהט אין דעם וואס זיי זיינען זעהר „פּראקטישע" מענשען, זיי מאכען אימער אזעלכע פּלענער וואס ליגען דאכט זיך אויף דער האנט, וואס זענען זעהר לייכט אויסצופיהרען, ווען — ווען מען זאל נור וועלען. זיי פעהלט דערפאר קיינמאל ניט קיין נייע פּלענער: אזוי שנעל ווי איין פּלאן פאלט דורך, האבען זיי באלד אנגעגרייט אן אנדערען, א בעסערען, א לייכטערען פּלאן.

דר. הערצעל איז געווען אזא בעל־חלום. ער האט דער־פאר זיין קאמף ניט אויפגעגעבען. אזוי שנעל ווי ער האט זיך איבערצייגט אין דעם אויסזיכטסלאזיגקייט פון צו קריגען פּא־לעסטינא, האט ער באלד אויפ'ן שטעל געהאט אן אנדערן, נאך „פּראקטישערען" פּלאן, א פּלאן צו וועלכען מען וועט דארפען נאך וויניגער געלט.

אלץ וואס אידען דארפען, האט ער גע'חלום'ט, איז דאך נור אן אייגען לאנד, היינט וואס מאכט עס אוים וואו דאס לאנד וועט זיין? אוראי וואלט געווען גלייך מען זאל קענען קרי־גען פּאלעסטינא, אזוי ווי מען קען עס ניט באקומען, איז רעכט אן אנדער לאנד, און אויף דעם זעקסטען ציוניסטישען קאנגרעס איז ארויסגעשפּרונגען דער אוגאנדא פּלאן.

וואס עס איז געווארען פון אוגאנדא, איז אויך באוואוסט.

דערוויייל איז דר הערצעל געשטארבען. די אידעע איז אבער געבליבען און איז געוואקסען.

פון אוגאנדא צו אן אנדער טעריטאריע איז שוין ניט מעהר ווי איין שפרונג, און דער שפרונג איז פארמעל געמאכט גע־ווארען אויף דעם זיבענטען ציוניסטישען קאנגרעס. עס איז אויפגעקומען די אידעע פון טעריטאריאליזם. נאטירליך, זיי־נען ניט אלע ציוניסטען מיטגעשפרונגען, אבער דאס באלאנגט צו א וויטערען קאפיטעל. דערוויייל איז דאס גענוג צו זעהן, אז דער טעריטאריאליזם אין אלגעמיין האט ביז צו דיזען מא־מענט קיין נייעס ניט אויפגעטהון, אז ער איז נור א וויטערע ענטוויקלונג פון די ציוניסטישע באוועגונג. ער ליידעט דער־פאר בירושה אויף אלע קראנקהייטען, וואס זיין פאטער, דער ציוניזם, ליידעט.

.2

עס איז ניט מיין אויפגאבע אויף דיזער שטעלע, צו בא־ווייזען די שוואכקייט פון דעם ציוניזם. וועגען דעם איז אי־בערהויפט שוין פיעל גערעדט געווארען, און עס לאזט זיך שווערליך זאגען עפעס נייעס. איך מוז אבער איניגע איינ־ווענדונגען ווידערהאלען, צוליב דעם וואס איך וויל וויטער זא־גען.

עס זיינען אייגענטליך פאראן צווייערליי ציוניזמ׳ען, אדער ריכטיגער, צווייערליי ציוניסטען — מאטעריעלע ציוניסטען און גייסטיגע ציוניסטען. דער מאטעריעלער ציוניזם קימערט זיך הויפטזעכליך וועגען די עקאנאמישע לאגע און די אלגעמיינע פארפאלגונג פון די אידען, ווערענד דער גייסטיגער ציוניזם אינ־טערעסירט זיך מעהר מיט די גייסטיגע זייטע, מיט דעם יהדות, מיט דעם יודענטומ׳ס גייסט פון דעם אידישען פאלק.

דאס איז דער ציוניזם פון אחד העם.

די מאטעריעלע ציוניסטען, ווי אויך די טעריטאריאליסטען, געהען ארויס פון דעם שטאנדפונקט, אז אידען זיינען אן איינ־הייטליך פאלק, אז זיי ליידען פון דעם וואס זיי זיינען אין דער פרעמד, און אז זיי קענען נור געהאלפען ווערען, ווען זיי וועלען קומען צוריק אין זייער אלטער היימאט.

דער מאַטעריעלער ציוניזם, האָט אייגענטליך שוין געקראַ־גען זיין אנטוואָרט פון דעם לעבען אליין. ער האָט ארויסגע־פונען פון איין זייט, אַז ער קען פּאַלעסטינאַ ניט באַקומען, און פון דער צווייטער זייט, אַז די אידען וועלען אַהין ניט געהן. אין די 25 יאָהר זייט די ציון פּראָפּאַגאַנדאַ האָט זיך אָנגעהוי־בען זיינען ביז אַ מיליאָן און אַ האַלב אידען אויסגעוואַנדערט פון זייערע מקומות, אָבער זעהר וויינינגע זיינען געפאָהרען אין דעם „אידישען" לאַנד. דאָס איז ניט אַלעס.

דיזע אונגעהייער מאַסען־אויסוואַנדערונג, האָט ניט פאַר־קלענערט די צאָהל אידען אין רוסלאַנד. דיזער פאַקט אַליין זאָל דאָך די ציוניסטען באַווייזען, אַז אַ פאָלק קען איבערהויפּט ניט אַזוי לייכט אויסוואַנדערען, אַז אויף יעדען אויסוואַנדע־רער ווערט געבוירען אַ נייער מענש, און אפשר צוויי מענשען וואָס בלייבען אין דער היים; אַז אַ גרויסע מאַסע וואַנדערט ניט אויס, געטריבען פון וועלכע ניט איז אידעאַלען, נור פון עקאָנאָמישע אומשטענדען, און ממילא פאָהרט זי שוין ניט אַהין ווי איהרע אידעאַלע טרייבען איהר, נור דאָרט וואו זי האָט אויסזיכט צו פאַרבעסערען איהר עקאָנאָמישע לאַגע.

ציוניסטען רעכענען זיך אָבער ניט מיט פאַקטען, אַזעלכע קליינינקייטען קומען ניט אין זייער חשבון.

ווען די פאַקטען ווערען אָבער אַזוי בולט, אַז זיי שטעכען אויס די אויגען, ענטפערען זיי אייך בזה הלשון:

מיר וויסען אַליין, אַז דאָס גאַנצע פאָלק קען ניט אויס־וואַנדערן, און מיר פאַרלאַנגען עס אויך גאָר ניט; מיר פאַר־לאַנגען ניט, למשל, אַז די אידען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך אָדער אַמעריקאַ זאָלען אויסוואַנדערן, מיר מיינען נור די אידען פון די לענדער, וואו זיי ווערען ספּעציעל אונטערדריקט, ווי רוס־לאַנד און רומעניען, און פון דיזע ערטער מיינען מיר אויך ניט אַלע אידען. וואָס מיר ווילען, זאָגען זיי, איז, די אידען זאָלען האָבען אַ צענטער, אַ היים ערגעץ־וואו. ווען אַ דייטש, למשל, קומט אין רוסלאַנד, ווערט ער גאָרניט פאַרפאָלגט. וואָרום? ווייל ער האָט ערגעץ־וואו אַ היימאַט, מיט אַ רעגיערונג, אַזוי וואָלטען די אידען ניט פאַרפאָלגט געוואָרען אין רוסלאַנד, ווען זיי וואָלטען געהאַט ערגעץ־וואו אַ לאַנד.

אויף דיזע טענה האט „בן אהוד“ געגעבען א ריכטיגען אנטווארט אין אן ארטיקעל „ציוניזם אדער סאציאליזם“, אין דעם „אידישען ארבייטער“ נומער 6.

ער שרייבט:

„אמת, א טהייל ציוניסטען מיינען, אז אויב מיר וועלען האבען אונזער אייגענע מלוכה, אפילו א קליינינקע, וועלען די פרעמדע פעלקער האבען אבשיי אויך פאר די אידען, וואס וועלען בלייבען אין גלות, ווארום אלע וועלען וויסען, אז עס איז דא א אידישע מלוכה, וואס קען באשירמען איהרע קינדער, אז עס איז דא א פאלק, וואס קען זיך איינשטעלען פאר זיינע ברידער... אבער פון אזא האפנונג איז טאקע ניט מעהר ווי חוזק צו מאכען. דאס רוב פון דעם אידישען פאלק, ד. ה. אלע אידען וואס וועלען בלייבען אין גלות, וועלען בלייבען ביי אזעלכע ים־לייבען, ווי רוסלאנד, דייטשלאנד, עסטרייך, פראנקרייך, אמעריקא, ענגלאנד און אויף זיי וועט דאס קלייניקע מייזעלע „אידענלאנדיע“ ארויפווארפען אן אימה! א טויט שרעקעניש וועט אויף זיי אנפאלען בעת זיי וועלען לייענען אין די צייטונגען, אז אין „אידענלאנדיע“ האט מען געהאלטען אסיפות, אין וועלכע דאס אידישע פאלק האט פייערדיג פראטעסטירט ענטגעגען דעם וואס מען טרייבט אידען פון מאסקווא, וואס מען שלאגט אידען אין גאליציען, וואס מען לאזט ניט צו קיין אידישע לעהרערינס אין פרייסען, וואס מען קוילעט אוים אידישע משפחות אין אלזשיר!... איז דען רוסלאנד בשעת זי האט דערווארגען איהרע דייטשע אונטערטאנער אין די באלטישע פראווינצען, א סך מתפעל געווארען פאר דייטשלאנד, פאר דעם גרויסען דייטשלאנד, מיט זיין בארימטען חיל און זיין גרויסער ראלע, וואס עס שפיעלט אין דער אייראפייאישער דיפלאמאטיע? וועט רוסלאנד צערעמאניען זיך מיט זיינע אידען בלויז דערפאר, וואס ערגעץ־וואו אין אזיען איז פאראנען א קליינינטשקע אידישע מדינה׳לע, וואס שטעהט אונטער דער אויבערהערשאפט פון דעם טערקישען סולטאן!...“

„איהר זעהט, אפילו אז מען זאל שוין נאכגעבען, אז הערצעל׳ס פלאנען זאלען מקוים ווערען, איז דערפון דעם אידישען פאלק ניט קאלט און ניט ווארים. א גרויסער טייל פון דער

אידישער בורזשואזיע וועט דערביי מאכען ניט שלעכטע גע־שעפטען, א קלענער טהייל פון די אידישע ארבייטער וועט דער־ביי געפינען די געלעגענהייט צו פארקויפען זיינע הענט, ווי ער פארקויפט זיי אומעטום. — און דאס איז דער גאנצער סך הכל פון דעם ציוניזם!... און צוליב אזא נישטווירדיגען וויס־טען חלום זאל מען אפּווענדען די געדאנקען פון דעם אידישען פאלק פון זיינע נויטיגע צילען אין דער היים.*)

ניט בעסער האלט עס מיט דעם גייסטיגען ציוניזם, מיט דעם ציוניזם וואס קימערט זיך מיט דעם יודענטום'ס גייסט.

דיזער צווילינגס ברודער פון דעם מאטעריעלען ציוניזם, באגעהט דעם זעלבען פעהלער, נור אויף אן אנדער אופן. דער מאטעריעלער ציוניזם, לאזט אוים פון חשבון די גאנצע עקא־נאמישע לאגע פון דעם אידען אין גלות. די אונמעגליכקייט אויסצואוואנדערען א. ז. וו., א. ז. וו. דער גייסטיגער ציוניזם לאזט ווידער אוים דעם „אידישען" גייסט, ער רעדט נור פון די גייסטיגע זייט פון דעם יודענטום, פון אנטוויקלען דיזען גייסט. ער פארגעסט אבער אז ווי באלד די גייסטיגע זייט פון א פאלק, קען זיך אנטוויקלען אונטער געוויסע סאציאלע און עקא־נאמישע אומגעבונגען — און אין דעם קען מען ניט צווייפלען — דאן האט דאס אידישע פאלק א צוויי טויזענד יעהריגע אנט־וויקלונג אונטער ספּעציעלע אומשטענדען, און דיזע גייסטיגע אנטוויקלונג לאזט זיך ניט אוועקמאכען, מיר ניט, דיר ניט, מיט דעם וואס א מיליאן אדער זאגאר צוויי מיליאן אידען וועלען

*) איך וויים ניט צו עס פּאסט אויסצוזאגען, אבער דעם אמת דארף מען ניט באהאלטען. דיזע לאנגע ציטאטע האב איך אויסגע־שריבען, 1) צוליב איהר ריכטיגקייט, 2) ווייל זי קען מיט די זעלבע קראפט און לאגיק אנגעווענדט ווערען אויף די טעריטאריא־ליסטישע באוועגונג און 3) ווייל דער פּראפעסער פון דיזען, אונ־זער פריינד „בן אהוד" שטעהט אויף דער סאמע שפּיצע פון די ניו יארקער סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען טעריטאריאליסטען. איצט, אין דעם יאהר 1919 געפינען מיר אונזער פריינד „בן אהוד" אויף דער שפּיצע פון די פּועלי ציון.

איבערוואנדערען אין א האלב בארבארישעס לאנד, וועלכעס איז מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק געווען זייער.

דיזען פונקט פארגעסען אויך אונזערע נייע נאציאנאליס־טען וואס האבען זיך געשטעלט אונטער די פאהן פון די ס. ר. ט.

דער אמת איז, אז אויב מען קען ריידען פון א אידיש פאלק, קען מען נור ריידען אין א גייסטיגען און קולטורעלען זין, ווייל אלס פאליטישע אדער סאציאלע איינהייט זיינען אידען געוועזען ניט קיין פאלק. דיזער גייסט, דיזע קולטור, ווי זי דריקט זיך אויס אין א ספעציעלע פארמע ביי דעם אידען (אויב עס איז איבערהויפט דא אזא זאך), איז אבער א פראדוקט פון דעם אידישען גלות, און איז צו פארדאנקען דעם גלות. ווי אזוי דאס אידישע פאלק וואלט זיך אנטוויקעלט ווען עס וואלט די גאנצע צייט געלעבט אויף זיין אייגען לאנד, ווי אזוי עס וועט זיך אנט־וויקלען ווען עס זאל זיך ווידער באזעצען זעלבסטשטענדיג אין זיין לאנד, אדער אויף אן אנדער טעריטאריע, איז א זאך וואס קיין מענש קען ניט וויסען אדער פאראויסזאגען. דער היינטיגער איד, דער איד, וואס ער איז — איז דער איד אין גלות. דער „גייסט" און די „קולטור" איז אלזא א גלות „קולטור". און עס איז נאך א גרויסע פראגע צו דאס אידישע פאלק וואלט באהאלטען זיין רעליגיע, און זיין ראסען ריינהייט, ווען עס וואלט ניט געוועזען אין גלות. עס איז א סברא, אז פון דעם אורשפרינגליכען אידישען פאלק, וואלט גאר ניט געבליבען ווען עס וואלט געוועזען געלעבט אויף זיין אייגען לאנד. קיין הערשענדעס פאלק האט זיך ניט דער־האלטען אזוי ריין ווי דאס אידישע, ווייל די הערשענדע פעל־קער נעהמען געוויינליך אין זיך אריין אנדערע פעלקער, דורך עראבערונגען אדער אימיגראציע, מיט וועלכע זיי אסימילירען זיך, ווי מען קען עס זעהן ביי דעם ענגלישען פאלק, אדער ביי דעם פראנצויזישען, אדער ביי אלע אנדערע הערשענדע פעל־קער. די אידען, ווען זיי זיינען געזעסען אין זייער אייגען לאנד, זיינען אויך ניט געווען קיין צדיקים. זייער שפראך האבען זיי פארלארען פיעל פריהער איידער זיי האבען פארלארען זייער לאנד. זיי האבען זיך פיעל מתחתן געווען מיט זייערע שכנים:

אויך די רעליגיע איז ניט אזוי שטארק אפגעהיט געוואָרען.

ערשט דער גלות האָט די אידען פאַראייניגט. דער גלות האָט ביי זיי אויסגעאַרבייט די פאָרמע פון דער רעליגיע. דער גלות האָט זיי אָפּגעהאַלטען פון מתחתן צו זיין מיט אנדערע פעלקער. אין גלות האָבען זיי אַלזאָ אנטוויקעלט זייערע איי־גענטימליכקייט אַלס אידען. ווען מען רעדט אַלזאָ פון אידי־שען פאָלק אַלס אַ גייסטיגע איינהייט, קען מען דאָס ניט אָפּ־טיילען פון דעם גלות גייסט.*)

ווי אזוי מען קען דיזע צוויי טויזענד יעהריגע אנטוויק־לונג אוועקמאַכען מיט'ן האַנט אזוי מיר ניט, דיר ניט, איז אַ זאַך וואָס עס לאָזט זיך ניט באַגרייפען.

ווען מען דערמאָנט זיך נאָך דערצו אז די ציוניסטען און טעריטאָריאַליסטען גיבען אייגענטליך אליין צו, אז די גרעס־טע צאָהל אידען וועט אונטער אַלע אומשטענדען בלייבען אין די לענדער וואו זיי לעבען היינט, ווערט די זאַך איינפאַך קינדיש לעכערליך. אַ מיליאָן, אין בעסטען פאַל, צוויי מיליאָן וועלען אויסוואַנדערען ערגעץ אין אַ האַלב באַרבאַרישעס לאַנד, אָדער גאָר אין אַ וויסטענים. פאָהרען וועלען נאַטירליך די אָרימ־סטע. עס וועט זיי אַלזאָ נעהמען צעהנדליגע, און אפשר הונ־דערטע יאָהרען, ביז זיי וועלען, דורך שווערע און גראָבע אַר־בייט, זיין אימשטאַנד צו מאַכען אַ לעבען מיט לייטען גלייך. און דיזע ביסעל אידען, ערגעץ־וואו אין אַ ווינקעל פון אזיען, אָדער אפריקאַ, וועלען דאָס זיין אימשטאַנד צו באאיינפלו־סען גייסטיג די זיבען אָדער אַכט מיליאָן אידען וואָס וועלען בלייבען לעבען אונטער דעם גייסטיגען איינפלוס פון די איי־

*) זעה וועגען דיזען ענין דעם אַרטיקעל „גלות און רעליגיע אין דיזען באַנד און דר. יודט'ס ווערק אין פּאָלנישער שפּראַך: „די אי־דען אַלס פיזישע ראַסע“.

דר. יודט האָט געמאַכט אַ ספּעציעלע אונטערזוכונג וועגען דער אידישער ראַסע און קומט צום שלוס, אַז די פאַרשיידענע ראַסען־אייגענטימליכקייט ביי אידען קומט פון דעם, וואָס אידען האָבען זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע ראַסען לאַנג, לאַנג פאַר'ן גלות, ווע־רענד אין גלות האָבען זיי געהאַלטען זייער ראַסע ריין.

ראַפּיאישע און אַמעריקאַנישע ציוויליזאַציע, מיט זייערע באַ־ריהמטע אוניווערזיטעטען און ביבליאָטעקען, מיט זייערע מו־זעאומס און לאַבאָראַטאָריעס, מיט זייער ליטעראַטור און טעאַטערען, מיט זייער קונסט און טעכניק, מיט זייערע צייטונגען און אַלערליי קינסטלער? ירושלים אין גייסטיגע קאָנקורענץ מיט פּאַריז, אָדער לאָנדאָן, אָדער ניו יאָרק, אָדער זאָגאַר וואַר־שוי! אוגאַנדאַ אָדער אַז אַנדער ווינקעל אין אַפריקאַ זאָל קאָנקורירען אַלס גייסטיגער אַנטוויקלער מיט היידעלבערג, מיט אָקספאָרד, מיט יעיל אָדער קאָלאָמביאַ! יפו אין קאָנקורענץ מיט'ן בריטישען מוזעאום, מיט די פּאַריזער אָדער זאָגאַר ניו יאָרקער ביבליאָטעק!

איז דאָס ניט לעכערליך?

ווי מען זאָל אַלזאָ ניט דרעהען דעם ציוניזם אָדער דעם טע־ריטאָריאַליזם, קומט ער אויס איינפאַך קינדיש.

דאָס איז אָבער נאָך ניט דאָס ערגסטע.

נאָך איידער דער ציוניזם האָט געהאַט די מעגליכקייט זיך צו שטעלען אויף די פיס, צו מאַכען דעם ערשטען שריט, האָט זיך אַרויסגעצייגט דאָס אַ חוץ זיינע אויסערליכע קראַנקהיי־טען, ליידעט ער נאָך פון אַז אונהיילבאַרע אינערליכע חלאת.

אין דער צייט וואָס דער ציוניזם האָט געמאַכט זיינע גוואַל־דיגע אַנשטרענגונגען, איז דאָס סאָציאַלע לעבען דערווייל גע־גאַנגען זיין וועג. דער קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד האָט זיך דערווייל שטאַרק אַנטוויקעלט, און מיט איהם זיינע באַשטענ־דיגע באַגלייטער: דאָס פּראָלעטאַריאַט און דאָס באַוואוסט־זיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט געמאַכט גרויסע פאָר־שריטע, און דער איד איז פון דיזע באַוועגונג ניט נור ניט אָפּגע־שטאַנען, ער האָט זיך גראָדע געפונען אין די פאָדערשטע ריי־הען, און דיזער אומשטאַנד האָט געמאַכט אַ שטאַרקען ריס אין די ציוניסטישע באַוועגונג. ביי דעם פּראָלעטאַרישען ציוניסט איז אַראָפּגעפאַלען דער שלייער פון די אויגען; דער אַרבייטער און זיין עקספּלואַטאַטאָר האָבען זיך באַגעגענט אויף איין פּלאַטפאָרמע און פון דעם גאַנצען זיסען חלום האָט זיך אויס־

געלאזען א גארניט. דאס „איינהייטליכע" פאלק האט זיך צוטיילט אין צוויי פיינדליכע לאגערען.

די פראלעטאריער ציוניסטען זיינען אבער פון זייער שלאף ניט אויפגעשטאנען, זיי האבען זיך נור אויפגעכאפט אויף א מינוט, איבערגעדרעהט אויף די אנדערע זייט און ווייטער גע־נומען חלום'ן.

3

## סאציאליזם צוליב ציוניזם

דער וועג פון דעם נייעם ציוניזם איז פון אנהויב אן ניט געווען באשאטען מיט רויזען. באלד פון אנפאנג האט דער נייער ציוניזם געהאט זיינע דאגות. צוגעגרייט אלס א זיכערע רפואה פאר אלע קראנקהייטען פון דעם אידיש־נאציאנאלען גוף, האט איהם געטראפען דאס זעלבע, וואס פאלט אוים אויף דעם גורל פון אלע פאטענטירטע מעדעצינען — דער חולה האט די מעדיצין ניט געוואלט איינגעמען, וואס האבען די דאקטוירים פון ציוניזם אליין ניט צו טהון? מען האט אפעלירט צו זיין נאציאנאלען זעלבסט ערהאלטונגס אינסטינקט; די גלא־רייכע פארגאנגענהייט פון דעם אידישען פאלק איז געווארען אויסגענוצט; די גליקען וואס ערווארטען איהם אין דער צו־קונפט זיינען געווארען געמאלען אין די רייכסטע פארבען; די גרויסע נביאים זיינען געווארען געשטערט פון זייער אייביגער רוהע עדות צו זאגען צו די גרויסע מיסיע פון דעם אויסגע־וועהלטען פאלק; די סכנה וואס שטעהט פאר דעם פאלק'ס עקזיסטענץ איז דעמאנסטריט געווארען אין א טויזענד וועגען; די דאקטוירים אליין האבען גענומען צו „עם לעפעל" יעדער — עס האט ניט געהאלפען! דער אמת'ער חולה, די ברייטע אי־דישע ארבייטער מאסען, האבען די רעצעפט ניט געוואלט אנ־קוקען. אנשטאט דעם האבען זיי זיך געווארפען צו דער סא־ציאליסטישער באוועגונג, וועלכע האט צו דערזעלבער צייט גע־נומען אויפלעבען אין רוסלאנד. דא איז ווידער אמאל דאס ווירקליכע לעבען, און די אידעאלען, וואס ווערען ארויסגע־רופען פון דיזען לעבען, געווען פיעל שטארקער ווי די קינסט־

ליך־ארויסגערופענע אידעאלען. דאס לעבען אין רוסלאנד האט געקאכט און געזאטען מיט רעוואלוציאנערע געדאנקען און טהא־טען; די האפנונג פון דעם פראלעטאריט האט געשטיגען פון שטונדע צו שטונדע; די באפרייאונגס־שטונדע האט זיך אויס־געוויזען נאהענט, און די אידישע מאסע האט זיך געווארפען אין דעם פייער פון דיזען רעוואלוציאנערען קעסעל־גרוב, לא־זענדיג אן א זייט דעם ציוניזם מיט זיין גאנצען רעאקציאנערען אינהאלט. דער ציוניזם, אום ניט אינגאנצען אפצושטארבען, האט געמוזט ווילענדיג אדער ניט ווילענדיג, נעהמען א שטע־לונג צו דיזע פיבערהאפטע רעוואלוציאנערע טעטיגקייט פון דעם אידישען פאלק. מיט אמאל זעהען מיר דעם ציוניזם ארויפציהען אויף זיך א סאציאליסטישען מאנטעל. צו דאס איז געווען אינסטינקטיוו, ארויפגעצוואונגען פון דעם לעבען גופא, צו ניט, דאס איז ניט וויכטיג; וויכטיג איז, דאס דער סאציא־ליסטישער אידעאל האט זיך ארייגעדרונגען אין דעם ציוניזם.

דיזער „סאציאליזם" איז אבער ניט געווען קיין ווילקא־מענער גאסט; מען האט אויף איהם געקוקט ווי אויף א שטיף־קינד; און מען האט איהם געדולדעט נור אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער האט געקענט העלפען דעם ציוניזם.

דעם ערשטען באוואוסטען אויסדרוק פון דעם, געפינען מיר ביי דעם ציוניסטישען סאציאל־פילאזאפישען הויז־ארצט, דר. סירקין.

די פראגע איז געווען דיזע. מיר האבען דעם ציוניזם, וועל־כער פארשפרעכט צו באפרייען דאס אידישע פאלק פון גלות. דער ציוניזם אליין קען אבער גארניט אויפטהון ווען דאס אי־דישע פאלק, אין זיינע גרויסע מאסען, וועלען איהם ניט אונ־טערשטיצען. דאס אידישע פאלק מוז אלזא האבען דעם ציוניזם, און דער ציוניזם מוז האבען דאס אידישע פאלק, אז ניט געהען זיי חלילה ביידע אונטער. דאס פאלק נעמט זיך אבער ניט צום ציוניזם. וואס טוט מען?

און דאקטאר סירקין האט געלעזט די פראגע. און די ארבייט האט ער געמאכט „ וויסענשאפטליך".

פאר אלעם האט ער „כעמיש" אנאליזירט די מעדיצין גופא. און נאך א „וויסענשאפטליכע" אונטערזוכונג, האט ער באשטע־

טיגט, אז דער ציוניזם, און נור דער ציוניזם קען ראטעווען דעם קראנקען אידישען קערפער פון אלע זיינעליידען. אי, וואס דער חולה נעמט ניט די מעדיצין, האט ער ווי א גוטער דאקטאר, געראטען, צו די ביטערע ציוניסטישע מעדיצין צוצומישען אביסעל סאציאליסטישע צוקערוואסער.

איך וויל ניט דערמיט באהויפטען, אז דר. סירקין, אדער וועלכער אנדער פיהרער פון די סאציאליסטישע ציוניסטען, האבען זיך אוועקגעזעצט מיט א כיון און אויסגעטראכט דעם מיטעל. די זאכען ווערען ניט געמאכט אויף אזא אופן. דער אמת איז, אז נאך פאר דר. סירקין'ס טעאריע, איז שוין געווען פועלי ציון — ארגאניזאציאנען, און עס קען זיין, אז דר. סירקין האט גענומען זיין „טעאריע“ פון די עקזיסטירענדע פאקטען. ווי די מעשה זאל ניט זיין: דעם באוואוסטען, זאגענאנטען וויסענשאפטליכען, אוסדרוק פון דיזער אינסטינקטיווע באוועגונג האט געגעבען דר. סירקין אין אן ארטיקעל „דער ציוניזם און דער המון.“*)

אין יענעם ארטיקעל באהויפטעט ער, אז דער ציוניזם איז, פון איין זייט, די איינציגע רפואה פאר די גרויסע אידישע מאסען, און אז פון דער צווייטער זייט, קען דער ציוניזם אליין האבען א קיום, ווען די אידישע מאסען, וועלען זיך נעמען צו איהם. צום אומגליק „האט דער גרויסער המון זיך ניט אויפגעהויבען און געשטעלט זיך אונטער דער ציוניסטישער פאהן, און עס האבען זיך אין איהם ניט דערוועקט די כוחות און געפיהלען, ווי זיי זיינען נויטיג פאר די נאציאנאלע באפרייאונג“.

די לאזונג מוז אלזא זיין: „דער ציוניזם פאר דעם המון, און דער המון פאר דעם ציוניזם!“

---

*) דר. סירקין איז שוין פיעל פריהער ארויסגעטראטען מיט דעם מיש־מאש פון ציוניזם און סאציאליזם אין דער רוסישער בראשורע, וועלכע איז ערשינען אין לאנדאן, האָב מיר האבען ניט קיין טעות אין יאהר 1900. אביסעל שפעטער, אויף דער צוזאמענפאהר פון דער „דעמאקראטישער פראקציע“ אין יאהר 1901 זיינען שוין געווען איינציגע אזוינע „טעארעטיקער“ ווי צ. ב. בוכהאלץ, אבערסאן.

ווי אזוי מאכט מען אבער דער המון זאל זיך נעמען צום ציוניזם? אויף דעם ענטפערט ער כהי לשנא:

„כדי דער המון, דאס פאלק, זאל זיך שטעלען אונטער דער פאהן פון דער ציוניסטישער פרייהייטס־באוועגונג, מוז דער ציוניסטישער אידעאל פארשטאנען ווערען ניט נור ווי א גאולה פון דעם נאציאנאלען גלות, נור אויך ווי אגאולה פון אלע צרות און ליידען פון דעם המון אין דער היינטיגער געזעלשאפט. א נייע געזעלשאפט אין דעם נייעם לאנד; א געזעלשאפט פון פרייהייט און גלייכהייט; א געזעלשאפט אהן הפוך פון הער און קנעכט, ארעם און רייך, קאפיטאל און פראלעטאריאט, נור א קאלעקטיווויסטישע געזעלשאפט אויף נייע עקאנאמישע יסודות און שותפות'ע אייגענטום אין לאנד".**)

דיזער רעצעפט פון דאקטאר סירקין איז אפילו „ליטייניש", דער זין אבער איז קלאר און דייטליך:

ציוניזם איז דאס איינציגע מיטעל פאר דעם ארעמען און קראנקען אידישען פאלק. דער גרויסער עולם פון אידישען פאלק וועט זיך אבער נעמען צום ציוניזם נור דאן, ווען דער ציוניזם וועט פארשטאנען ווערען אלס א גאולה פון דער עקאנאמישער שקלאפעריי... מען מוז אלזא צום ציוניזם צומישען סאציאליזם. דער סאציאליזם זאל דינען אלס דינסטמויד ביים ציוניזם.

דאס מיטעל האט אויף א מינוט געהאלפען, דער קראנקער האט די מעדיצין גענומען. אבער די ווירקונג איז געווען א געפערליכע.

און דיזע געפערליכע ווירקונג האט זיך ארויסגעצייגט באלד ביי דעם צוזאמען־מישען פון די צוויי „עלעמענטען".

אום אויסצופיהרען דעם פלאן פון ברענגען דעם המון צום ציוניזם, און דעם ציוניזם צו דעם המון, האט זיך געגרינדעט די ארגאניזאציאן „חירות". און באלד ביי דעם ערשטען טריט וואס דיזע ארגאניזאציאן האט געוואלט מאכען, האט זיך ארויסגעוויזען, אז צווישען ציוניזם און סאציאליזם קען קיין שלום ניט זיין.

---

**) דער המון נומער 1 בערלין, 1903.

ווי דר. סירקין האט „וויסענשאפטליך" באוויזען, מוז דער ציונים געמאכט ווערען אלס א „גאולה פון אלע צרות און ליי־דען פון דעם המון אין דער היינטיגער געזעלשאפט". מיט אנ־דערע ווערטער: מען מוז די ציוניסטישע פראפאגאנדא פיה־רען אויף אזא אופן, די אידישע ארבייטער זאלען וויסען, אז נעהן קיין ציון הייסט אויפבויען „א נייע געזעלשאפט אין דעם נייעם לאנד; א געזעלשאפט פון פרייהייט און גלייכ־הייט", א סאציאליסטישע געזעלשאפט. ווען עס איז אבער גע־קומען צו פראקטישע ארבייט, האט די ארגאניזאציאן „חירות" באשלאסען, אז „זי האט מיט געגענווארטס־פראגראם ניט צו טהון. זי האט, אלזא, פון אנפאנגס אן זיך אנטזאגט צו טהון וועלכע עס איז ארבייט, וואס זאל דעם אידישען ארבייטער ברענגען אויף דעם נעראנק פון סאציאליזם.

ווארום האט „חירות", די ארגאניזאציאן וואס וויל ברענ־גען דעם ציוניזם צום המון מיט סאציאליסטישע הבטחות; ווא־רום האט זי מיט די געגענווארטס פראגראם גאר ניט צו טהון? אויף דעם גיט „חירות" א קלאהרע תשובה:

„ווארום די ציוניסטישע ארבייט און די נויטיגע ארבייט כדי צו הויבען די לאגע פון דעם אידישען המון אין די לענ־דער וואו ער וואהנט, ליגט ניט אין דיזעלבע ריכטונג, און עס איז דארום פאלש אריינצונעמען צוויי פארשיידענע ארביי־טען אין דיזעלבע ארגאניזאציאן".

טאמער איז דאס ניט קלאר פאר אייך, ערקלערט „חירות" ווייטער: „ווען מען זאל וועלען דורכפיהרען סאציאל־פאליטיק דורך די אלגעמיינע ציוניסטישע ארגאניזאציאן, מוז די סאצי־אלע פאליטיק קודם כל זיין רעאקציאנער".

פארוואס מוז דאס „ די סאציאל פאליטיק קודם כל זיין רעאקציאנער"? הערט ווארום:

„ווארום אין ציוניזם קענען זיך צונויפקומען פארשידענע קלאסען און רעליגיעזע וועלט־אנשויאונג; ביי דער ציוניסטי־שער סאציאל פאליטיק אבער, מוזען ארויסטרעטען די קלאסען הפוכים און סתירות און דאס מוז פיהרען צו א רעאקציאנערע פאליטיק".

און טאמער פארשטעהט מען נאך אלץ ניט וואס די ארגא־ניזאציאן „חירות" מיינט, גיט זי אזא משל:

„די פועלים פון די קליינע און גרויסע בעלי מלאכות פיה־רען אן עקאנאמישען קאמף פאר העכערע שכירות. א ציוניס־טישע ארגאניזאציאן, וועלכע זאל וועלען דורכפיהרען אויך די איינפאכע סאציאל־פאליטיק, מוז דאך פיהרען דיזען עקאנאמי־שען קאמף. אויף אזא אופן האבען די קליינע בעלי מלאכות ניט קיין ארט אין די ציוניסטישע ארגאניזאציאן... פאר די בעלי מלאכות און די פועלים וואלט געווען זעהר ניצליך שותפות'ע פארברויכס־קראמען; ווען אבער א ציוניסטישע ארגאניזאציאן זאל אנהויבען איינריכטען אזעלכע קראמען, מוז זי אויסשליסען פון זיך אלע קליינע קרעמער, ווארום שותפות'ע קראמען וועלען די קרעמערלעך פארניכטען".

יעצט איז די זאך קלאר ווי דער טאג: דעם אידישען אר־בייטער דארף מען געבען צו פארשטיין, אז דער ציוניזם וועט אויך זיין א גאולה פאר זיינע עקאנאמישע צרות, אז די נייע געזעלשאפט אין ציון וועט אויפבגעויט ווערען אויף א סאצי־אליסטישען פרינציפ. היינט אבער, אין גלות, טאר מען פאר דעם גאר ניט טהון, ווארום ווען מען זאל נעהמען עטוואס טהון, וועט דאס ארויסברייגנגען די פארשיעדענע קלאסען־געגענזעצע, און דיזעם פיהרט דאצו, אז „די סאציאל פאליטיק מוז קודם כל זיין רעאקציאנער".

ווי אזוי וועט מען אבער איינפיהרען דיזע נייע געזעלשאפט אין דעם נייעם לאנד? און ווי אזוי וועט מען דאס דעם אי־דישען ארבייטער דערצעהלען? דעם דאקטאר'ס „וויסענ־שאפט" האט אין 1903 גאר ניט געקענט ענטפערען אויף די־זע פראגען.

אזוי האט דער סאציאליסטישער עלעמענט באלד אננע־מאכט צרות צווישען די וואס האבען מיט זיין הילפע פארשלונ־גען דעם ציוניזם. דאס איז געווען שוין אין אנהויב. ווייטער איז געווארען נאך ערגער. דאס איז שוין די טבע פון דעם סא־ציאליזם. ער לאזט זיך ניט פארמישען מיט פרעמדע עלעמענ־טען. און ווען מען טהוט עס מיט גוואלד איז עס זיכער אז עס וועט קומען אן עקספלאזיאן. און די עקספלאזיאן איז געקומען

אויף דעם זיבעטען ציוניסטישען קאנגרעס. און די עקספלאָזי־
אָן איז געקומען מיט אַזא קראַך, אַז זי האָט אָנגעמאַכט אַ
חורבן אין די ציוניסטישע רייהען, האָט פאַרניכטעט די אָרגאַ־
ניזאַציאָן „חירות", האָט איבערגעדרעהט מיט דעם קאָפּ
אַראָפּ דעם הער דאָקטאָר אַליין, און האָט אויך שטאַרק צוקאַ־
ליעטשעט דעם סאָציאַליזם גופא.

נאָך דעם זיבעטען ציוניסטישען קאָנגרעס האָט זיך גע־
גרינדעט אַ נייע פּאַרטיי, די פּאַרטיי „ציוניסטען סאָציאַליס־
טען". פון יעצט אָן פאַרנעמט דער סאָציאַליזם דעם ערשטען
פּלאַץ, אַנשטאַט וואָס פריהער איז דער סאָציאַליזם געווען אַ
מיטעל פאַר דעם ציוניזם, איז יעצט דער „ציוניזם" געוואָרען
אַ מיטעל פאַר דעם סאָציאַליזם.

מיט גרויס באַגייסטערונג באַריכטען זיי דיזען פּאַקט.

„מיר האָבען ענדליך געריסען מיט דעם אַלטען שווערען
וואַגען — מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן", שרייבען זיי
צו ענדרע פון זייער באַריכט

„... דער זיבעטער קאָנגרעס איז געווען אַ פאָלשטענדיגער
זיעג פון דעם פּראָלעטאַרישען טעריטאָריאַליסטיש־סאָציאַליס־
טישען ציוניזם! (אַ מין אידיש!) דער פּראָלעטאַריאַט האָט
געהערשט און האָט אָפּגערייניגט די אַטמאָספּערע! ער האָט
געצוואונגען אַלע ציוניסטישע גרופּען אַרויסצו־ווייזען זייער
אמת'ן סאָציאַלען אינהאַלט. ער האָט אָנגעוויזען יעדער גרופּע
איהר אָרט און מיט זיין שאַרפער קריטיק געצוואונגען צו פאַר־
נעמען דיזען אָרט. ער האָט אין צוויי טהיילען פאַנאַנדער־
געריסען דעם ציוניסטישען לאַגער; דעם איינעם האָט ער ווייט
פון זיך אָפּגעוואָרפען און זיין היסטאָרישען טויט־אורטייל אי־
בער איהם הויך אויסגעשפּראָכען: דעמאָקראַטיש געזאָגען
אָדער געשטימטען, האָט ער מיט זיך מיטגענומען אין זיין נייעם
היסטאָרישען וועג, ראַדיקאַליזירונג איהם אַלץ מעהר דורך זיין
שטענדיגער שטרייגגער קריטיק".

„אַ נייעם וועג צייכענט אָן דער אידישער פּראָלעטאַריאַט
פאַר דעם אידישען פאָלק; נייע הימלען, נייע געטער, וועלכע
ער; נייע קרעפטען שאַפט ער; און ער רופט אויף דעם נייעם
וועג אַלע געזונטע טהיילען פון דעם אידישען פאָלק — רייסען

מיט אַלעם אַלטעם און טראַדיציאָנעלעם און זיך שטעלען אין די רייהען פון דער נייער אַרמיי, אום צו שאַפען די נייע סאָציאַליסטישע אַטמאָספּערע, וואו אַלע אידישע געזעלשאַפטליכע כחות וועלען קענען פריי זיך אַנטוויקלען, פריי צו קעמפען..."

וואָס איז דאַ געשעהן? ווי אַזוי איז דאָס אַרויסגעקומען דער גוואַלדיגער זיעג פון דעם „פּראָלעטאַרישען טעריטאָריאַליסטיש־סאָציאַליסטישען ציוניזם?

געשעהן איז אייגענטליך דאָס וואָס האָט געמוזט געשעהן. די לאָגיק פון לעבען, די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, דער סאָציאַליסטישער געדאַנק וואָס די פּראָלעטאַרישע ציוניסטען האָבען זיך, ווילענדיג, ניט ווילענדיג, אנגעאייניגט, האָט זיי ענדליך געמוזט צייגען, וואָס די אָרגאַניזאַציאָן „חירות" און דר. סירקין האָבען מיט צוויי יאָהר פריהער ניט געקענט זעהן; זיי האָבען געמוזט איינזעהן, אַז דער ציוניזם אַלס סאָציאַלע גאולה, קען ניט געהן האַנד אין האַנד מיט אַ „סאָציאַל פּאָליטיק וואָס מוז קודם כל זיין רעאַקציאָנער".

ליידער איז דער „פּראָלעטאַרישער טעריטאָריאַליסטיש־סאָציאַליסטישער ציוניזם" זגראַדע אַזוי אונלאָגיש און אונפּאַרנינפטיג, ווי דער ערשטער.

.4

## ציוניזם צוליעב סאָציאַליזם.

פאַר אַלעם מוז מען וויסען, אַז די „ציוניסטען סאָציאַליסטען" זיינען ניט קיין ציוניסטען. זיי זיינען, אדרבא, געגען ציון. זיי זיינען דאָס די סאָציאַליסטען טעריטאָריאַליסטען.

דער טעריטאָריאַליזם, ווי שוין באַמערקט, איז אַ ווייטערע פאָלגע פון דעם ציוניזם. דאָס איז אַלזאָ ניט די ערפינדונג פון די ציוניסטען סאָציאַליסטען. זיי האָבען דאָס איבערגענומען בירושה פון דעם „בורזשואזנעם" טעריטאָריאַליזם. אַליץ וואָס זיי האָבען אויפגעטהון איז, וואָס זיי האָבען צום טעריטאָריאַליזם צוגעטשעפּעט דעם סאָציאַליזם. מעהר ווי אַ צוטשעפּענים איז דער סאָציאַליזם ניט, און איך וואָג צו

באהויפטען, אז ניט נור זיינען די „ציוניסטען סאציאליסטען" ניט קיין ציוניסטען, ווי זיי זיינען אליין מודה, זיי זיינען אויך ניט קיין סאציאליסטען. ווייניגסטענס ניט אין זייער אויס־טייטשען דעם סאציאליזם. אום דיזע באהויפטונג צו באווייזען, מוזען מיר פריהער ערקלעהרען זייער טעאריע.

די טעאריע איז אין קורצען דיזע:

די ענטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט פיהרט צו קאנצענטראציע פון קאפיטאל. דיזע קאנצעטרא־ציע פון קאפיטאל פאראורזאכט פיעל צרות און אומגליק אויף דער וועלט: עס טרייבט די קליינע פאבריקאנטען און די מי־טעלע קלאסען אין די רייהען פון פראלעטאריאט. די אנטוויק־לונג פון מאשינערי און די פארטהיילונג פון די ארביים, מאכט איבערפליסיג פיעלע ארבייטער; דיזעס באשאפט א באשטענ־דיגע רעזערוו ארמיי פון ארבייטסלאזע, וועלכע דריקען פון זייער זייט נאך מעהר דעם ארבייטס־לוין, און רופט ארויס א לומפען־פראלעטאריט. פון דער צווייטער זייט, טראגט דער זעלבער קאפיטאליזם אין זיך די זריעה פון זיין אייגענער צושטערונג. דורך זיינע גרויסע פאבריקען, דורך די אנטוויקלונג פון מאשי־נערי, דורך דעם צוזאמענטרייבען פון פילע ארבייטער אין איין פאבריק, באשאפט דער זעלבער קאפיטאליזם א קלאסען־באוואוסטעם פראלעטאריאט, וועלכעס רייסט ביסלעכווייז, און וואס אמאל מעהר, אפ א שטיק עקאנאמישע הערשאפט, און וועלכעס וועט סוף כל סוף מאכען די סאציאלע רעוואלוציע, און באפרייען די גאנצע מענשהייט. דיזער קאמף צווישען קאפי־טאל און פראלעטאריאט געהט אבער ניט אזוי גלאט. עס קו־מען אויך פאר צווישען־קעמפע, די קאפיטאליסטען צווישען זיך, און דאס פראלעטאריאט צווישען זיך קעמפען אויך, און טראץ דעם, וואס דאס קאפיטאל איז אינטערנאציאנאל, רופט ער פונדעסטוועגען ארויס מלחמות צווישען נאציאן און נאציאן. ביי דיזע צווישען־קעמפע פון די נאציעס וועלען אין דעם קאמף צווישען די קאפיטאליסטען געווינען דיזע וואס באלאנגען צו א שטארקערע נאציאן. דאסזעלבע מיט'ן פראלעטאריאט: די פראלעטאריער וואס באלאנגען צו די שטארקערע נאציאן, וועלען גיכער געווינען דעם קאמף. און דאס וויכטיגסטע פון

אַלעס איז, וואָס גראָדע דער טהייל פון'ם פּראָלעטאַריאַט וואָס איז דער זיעגער, איז אויך צו דערזעלבער צייט דער טרעגער פון דעם פאָרשריט, — דער וואָס וועט ענדליך ברייגנען די גאולה פאַר די מענשהייט.

דאָס איז דער גרונד געדאַנק פון זייער אויסלעגונג פון דעם מאַרקסיזם. דאָ איז שוין אריינגעשמוגעלט די טעאָריע פון די שוואַכערע און שטאַרקערע נאַציאָן, סיי צווישען די קאַפּי־טאַליסטען און סיי צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט. די שטיקעלע קאָנטראַבאַנד איז זיי נויטווענדיג צוליב דעם שלום פון זייער „טעאָריע".

דאָס אידישע פאָלק, זאָגען זיי ווייטער, איז דאָס שוואַכסטע פאָלק; די אידען זיינען אם מייסטען אונטערדריקט; פּראָ־לעטאַריער זיינען זיי געוואָרען אין אַ צייט ווען דאָס איבריגע פּראָלעטאַריאַט איז שוין געווען שטאַרק אַנטוויקעלט. זיי ווע־רען דערפאַר ניט צוגעלאָזען זיך צובאַטייליגען אין די גרויסע אינדוסטריע. „דער אידישער פּראָלעטאַריאַט ווערט אַרויסגע־רופען צום לעבען ניט פון דער גרויסער, נור פון דער מיטעלער בורזשואַזיע; ער ערשיינט ניט אַלס אינדוסטריעלער, נור אַלס אַ מאַנופעקטורער און האַנדווערקער פּראָלעטאַריאַט". די קליי־נע אינדוסטריע איז אָבער פאַר'משפּט אונטערצוגעהן. דער אידישער אַרבייטער איז דאָדורך פאַר'משפּט אריינגעטריבען צו ווערען אין די רייהען פון דעם לומפּען־פּראָלעטאַריאַט, און ער ווערט אַזוי אויסגעשלאָסען פון נעמען אַ אַקטיווען אַנ־טהייל אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון דער מענשהייט. אי מיר זעהן דאָך אָבער, אַז אידען זיינען, ערשטענס, גרויסע קבצנים, און, צווייטענס, שטאַרקע איבערגעגעבענע סאָציאַליס־טען? אויף דעם האָבען זיי אַ ווייטערע „טעאָריע", באַשטעטיגט דורך אַ פּסוק פון מאַרקס: דאָס פּראָלעטאַריאַט (גראָדע ווי עלעקטריציטעט) באַשטעהט פון צוויי געגענגעזעצטע זיי־טען: די נעגאַטיווע און די פּאָזיטיווע. דאָס נעגאַטיוועס פּראָלעטאַריאַט ווערט באַשאַפען אין די קליינע ווערקשטאַטען, דיזעס האָט נור אין זיך אונצופרידענהייט. עס קען דערפאַר נור צושטערען, עס קען דערפאַר זיין אַ סאָציאַליסטישער כח. עס קען אָבער קיין נייע געזעלשאַפט ניט אויפבויען. בויען אַ

נייע געזעלשאפט קען נור דאס פאזיטיווע פראלעטאריאט, און דיזעס פראלעטאריאט ווערט געמאכט אין די גרויסע פאבריקען, מיט די גרויסע ריזיגע מאשינען; און אזוי ווי אידען ווערען ניט ארייגעלאזען אין די גרויסע פאבריקען, קענען זיי זיך ניט פראלעטאריזירען.

פון וואנען נעמט זיך דאס אלעס? דאס קומט פון דעם וואס אידען האבען ניט קיין נאציאנאלע אינדוסטריע.

און א רפואה צו דיזען אידישען גלות גיט טאקע דאס לע־בען אליין. דיזער אונארמאלער צושטאנד רופט ארוים די עמיגראציע. די עמיגראציע געהט אבער צו אהן א פלאן. א חוץ דעם, אין די לענדער וואו זיי קומען שטעהט די זאך אויך ניט בעסער. דארטען איז פאר זיי אויך ניט אנגעגרייט קיין „נאציאנאלע אינדוסטריע": א חוץ דעם ווערט דאס אימיגרי־רען אויך וואס אמאל שווערער. על כן איז דער אייביגער פלאן צו קריגען אן אייגענע טעריטאריע, וואו אידען זאלען זיך באזעצען אלס א זעלבסשטענדיגעס פאלק, וואו זיי וועלען איינ־פיהרען אן אייגענע אינדוסטריע, וואו זיי וועלען זיך קענען פראלעטאריזירען און אנטוויקלען אלע זייערע כוחות און מיט־העלפען צו דעם אלגעמיינעם פראגערס פון דער מענשהייט.

וועלכער משוגענער וועט זיי געבען א טעריטאריע? אויף דעם ענטפערט ווידער דער „מארקסיזם": דער קאפיטאליזם זוכט אימער נייע מארקעטס. ער האט אלזא אינטערעס צו הא־בען וואס מעהר נייע קאלאניעס. עס איז אלזא אין אינטע־רעס פון דעם קאפיטאליזם זיי צו העלפען קריגען א נייע אונבא־וואהנטע טעריטאריע. און ענגלאנד, דאס קלאסישע לאנד פון קאפיטאליזם, האט זיי טאקע אנגעבאטען אוגאנדא צוליב די־זען.

דיזע טעאריע אויסגעדריקט בקצור, וועט הייסען אזוי: די סאציאלע רעוואלוציאן מוז און וועט קומען. די רעוואלוציאן וועט אבער געמאכט ווערען פון דעם אמת'ן „פאזיטיווען" פראלעטאריאט. כדי די אידען זאלען קענען מיטהעלפען צו דער סאציאלער רעוואלוציאן, מוזען זיי ווערען פאזיטיווע פרא־לעטאריער, כדי זיי זאלען ווערען פאזיטיווע פראלעטאריער, מו־זען זיי האבען אן אייגענע טעריטאריע.

דער טעריטאריאליזם איז אלזא נויטווענדיג צוליב דעם סאציאליזם.

מיר ווילען איין פארלויף פון דיזען אפהאנדלונג זיך נאך באשעפטיגען מיט דיזען „מארקסיזם", דערווייל ווילען מיר אננעמען אז אלע זייערע באהויפטונגען זיינען ריכטיג, און מיר ווילען אונטערזוכען די לאגיק פון זייער „פילאזאפי".

קודם כל זעהען מיר, אז די גאנצע „וויסענשאפט" זייערע, איז ניט מעהר ווי א נייער תירוץ פאר דעם טעריטאריאליזם. די „בורזשואזנע" ציוניסטען און טעריטאריאליסטען טענה'ן, אז אידען מוזען האבען אן אייגען לאנד, ווייל אין גלות קענען זיי ניט ווערען קיין אונטערנעהמער און פעלדפעבעלס, שוין ניט צו ריידען פון פאלקאווניקעס און גענעראלען, ווייל זיי קע־נען ניט ווערען קיין דאקטוירים און אדוואקאטען, ווייל זיי קע־נען ניט ווערען קיין פאמעשטשיקעס, א. ז. וו.; די אחד־העם־ניסטען זוכען אן אייגען לאנד, ווייל דער אידישער „גייסט" קען זיך ניט אנטוויקלען אין גלות, און די ציוניסטען סאציאליסטען ברויכען ווי לעבען א טעריטאריע, ווייל אידען קענען ניט ווע־רען קיין פראלעטאריער, ווייל מען לאזט זיי ניט אריין אין די גרויסע פאבריקען.

צוליב דיזען נייעם תירוץ איז ניט געווען כדאי צו פאר־אורטהיילען צום טויט א טהייל פון די אונשולדיגע ציוניסטען. וואס מאכט עס אויס צוליב וועלכע אורזאכע מען דארף א טעריטאריע? מיר שיינט, אז ווען מען געהט אויס פון א שטרענג־נאציאנאלען שטאנדפונקט, זיינען די אורזאכען פון די ציוניסטען, אז אידען קענען ניט ווערען גרויס און מעכטיג אין גלות, אז זיי קענען זיך ניט אויסבילדען צו נעמען אן אנטהייל אין די וויסענשאפט, פיעל שטארקער, פיעל לאגישער, ווי דער, אז אידען קענען ניט ווערען קיין „פאזיטיווע" פראלעטאריער.

ווייטער, נאך די „לאגיק" פון די ציוניסטען סאציאליסטען קומט אויס, אז מען מוז באשאפען א אייגענעם שטאאט, כדי מען זאל נאכהער קענען מאכען א רעוואלוציאן. אידען, זאגען זיי, קענען אין גלות ניט זיין קיין אויפבויענדע קראפט אין דער סאציאלער רעוואלוציאן. נו, וואס ארט עס זיי? די רעוואלו־ציע מוז דאך סיי ווי קומען, וועט מען מאכען די רעוואלוציע

אהן אידען! אויף דעם קענען זיי אבער ניט באשטעהן. אידען מוזען נעהמען איין אקטיווען אנטהייל אין דער רעוואלוציע. אזוי אבער ווי אין גלות וועלען זיי דאס קיין מאל ניט האבען די זכיה, מוז מען האבען אן אייגענע געזעלשאפט.

דאס איז א מערקווירדיגער באגריף פון דעם סאציאליזם און די סאציאלע רעוואלוציע. נור מיר וועלען זיי דאס צוגעבען, זאל זיין אז זיי האבען אין דיזען רעכט. איז אבער אן אנדער צרה, וואס די רעוואלוציע וועט מוזען ווארטען. נאך זיי וועט די סאציאלע רעוואלוציע מוזען אפגעהאלטען ווערען, ביז די אידען וועלען קריגען א טעריטאריע. אזוי ווי זיי זיינען שטרענגע מארקסיסטען, וועלען די אידען מוזען איינפיהרען אינדוסטריע אין דער נייער טעריטאריע; דאן וועלען זיי מוזען ווארטען ביז דער קאפיטאליזם וועט זיך ענטוויקלען צו א נרויסע שטופע און עס וועט באשאפען ווערען אן אייגענעם „פאזיטיווען" פראלעטאריאט מיט א לומפען פראלעטאריאט, מיט די ענטוויקלונג פון טראסט און קאנצענטראציאן פון קאפיטאל א. ז. וו., ווי עס שטעהט געשריבען אין זייער „מארקסיזם", און דאן ערשט וועט מען מעגען מאכען די סאציאלע רעוואלוציאן. די אנדערע פעלקער וועלען דאך אבער פריהער פארטיג ווערען צו א רעוואלוציאן, ווייל זייער „נאציאנאלע אינדוסטריע" מיט דעם „פאזיטיווען" פראלעטאריאט א. ז. וו. האט זיך דאך אנגעהויבען צו ענטוויקלען פיעל פריהער, וועלען זיי טאקע מוזען ווארטען ביז די אידען וועלען פארטיג ווערען.

מיר געהען נאך א טריט ווייטער:

זייער גאנצע „פילאזאפיע" צווינגט זיי צו געהן האנד אין האנד מיט די „בורזשואזע" טעריטאריאליסטען. זיי טענה'ן: אידען מוזען האבען א לאנד, אום זיך צו קענען פראלעטאריזירען. נו, פראלעטאריזירען, שליסט דאך איין קאפיטאליזירען. איינער קען דאך ניט ווערען א פראלעטאריער, ווען א צווייטער איז ניט קיין קאפיטאליסט. זייער פאדערונג איז דאדורך ניט קיין ספעציפעש־פראלעטארישע, נור אן אלגעמיין נאציאנאלע. דאס וואס זיי ווילען דוקא זיין די פראלעטאריער און די אנ־דערע זאלען זיין די קאפיטאליסטען ענדערט ניט די זאך. אויך פראסט אידיש, ניט אויף דעם „טערקיש" פון די ציוניסטען

סאָציאַליסטען, איז די „טעאָריע“ אַזוי: מיר אידען אין גלות קענען ניט ווערען קיין פּאָזיטיווע פּראָלעטאַריער, ווייל אונזערע ברידער, די קאַפּיטאַליסטען, קענען ניט ווערען קיין פּאָזיטיווע קאַפּיטאַליסטען. מיר מוזען דערפאַר האָבען אַן אייגענע לאַנד, כדי אונזערע ברידער זאָלען ווערען אמת'ע קאַפּיטאַליסטען, כדי זיי זאָלען אונז שינדען די הויט אויף דעם גרויס קאַפּיטאַליסטישען שטייגער, כדי מיר זאָלען קענען ווערען אמת'ע, פּאָזיטיווע פּראָלעטאַריער, כדי מיר זאָלען נאָכהער קענען פיהרען מיט זיי אַן אמת'ן קלאַסענקאַמף.

זיי קענען אַלזאָ ניט נעהן אין דער נייער טעריטאָריע אָהן די בורזשואַזיע. און די ציוניסטען סאָציאַליסטען בויען זעהר פיעל אויף דער בורזשואַזיע. זיי זיינען אפילו מודה, אַז זיי קענען נאָך ניט וויסען, וועלכע רעאַלע אינטערעסען צווינגען די בורזשואַזיע צו וועלען האָבען אַן אייגענע טעריטאָריע (די „מאַרקסיסטישע“ לעהרע האָט, ווי עס שיינט, זיי פערלאָזען אין דיזען פּונקט) אָבער זיי ווייסען, אַז אָהן די בורזשואַזיע קענען זיי אין דער טעריטאָריע ניט קומען. דענקען זיי, אַז די בורזשואַזיע וועט איינגעהן אויף דיזע באַדינגונגען? שכל האָט די בורזשואַזיע, און אויף אַ זיכערען טויט, וועט זי ניט געהן. אַ העלפּט פון די ציוניסטען, וועלען זיי זיך קלערען, האָט איהר שוין פאַראורטהיילט צום טויט, יעצט ווילט איהר אונז פאַרנאַרען אין די טעריטאָריע כדי אויף אונז צו מאַכען אַ רעוואָציע און אונז אויסקוילען איינעם ביי איינעם. אויף דעם געהען מיר ניט איין!

מאַנכער לעזער קען דאָס אַננעמען פאַר אַ וויץ. עס איז טאַקע צום לאַכען, אָבער קיין וויץ איז דאָס ניט. איך וויל מיט דעם נור באַווייזען די לאָגיק פון די ציוניסטען טעריטאָריאַליסטען. זיי האָבען נאָך אפילו ניט גערעדט וועגען די רעאַליזירונג פון זייער אידעאַל. זיי מוזען דאָך אָבער אַ מאָהל דענקען וועגען דעם. זיי ריידען זעהר פיעל פון מאַרקסיזם, פון מאַטעריעלע אינטערעסען, פון רעאַלען לעבען, פון עקאָנאָמישע געזעצען, פון אידישע עקאָנאָמיע, פון נאַציאָנאַלע אינדוסטריע פון פּראָלעטאַריאַט א. ז. וו., זאָל כאָטש איינס פון די אַלע זאַכען אויסהאַלטען קריטיק. ווען איהר קומט אָבער אַנאַליזירען

זייערע הויכע וויסענשאַפטליכע פראַזען, קומט יעדע זאַך אויס לעכערליך.

לעכערליכער פון אַלעס איז זייער הויפּט פּונקט:

אידען מוזען האָבען אַ טעריטאָריע, ווייל זיי קענען אין גלות ניט ווערען קיין פּאָזיטיווער פּראָלעטאַריאַט, און קענען דערפאַר ניט העלפען איבערבויען די אַלטע געזעלשאַפט. דאָס איז דער וויכטיגסטער פּונקט פון זייער גאַנצע פּראָגראַמע.

דיזעס איבערגעדרייט אויף פּאַרנופטיג לשון הייסט אַזוי: דאָס פּאָזיטיווע פּראָלעטאַריאַט, דאָס פּראָלעטאַריאַט פון די גרויס אינדוסטריע, איז דאָס איינציגע פּראָלעטאַריאַט וואָס האָט אין זיך דעם כח אויפצובויען אַ נייע געזעלשאַפט. דאָס נעגאַטיווע פּראָלעטאַריאַט, דאָס מאַנופעקטור־פּראָלעטאַריאַט, קען אין בעסטען פאַל, נור צושטערען, עס קען אָבער ניט בויען. דאָס אידישע פאָלק, צוליב זיין ספּעציעלע עקאָנאָמישע לאַגע אין דעם גלות, באַלאַנגט צו דעם נעגאַטיווען פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַזעלכעס האָט ער נור די קראַפט צו פאַרניכטען, עס קען אָבער ניט אויפבויען, דערפאַר... מוז עס נעהמען בויען אַ נייע געזעלשאַפט אין אַ ניי לאַנד. ווי געפעלט אייך דער שכל?

נור לאָמיר פון דעם אויך אוועק קוקען. לאָמיר זיי צוגעבען, אַז דאָס אידישע פּראָלעטאַריאַט, דאָס „נעגאַטיווע“ פּראָ־לעטאַריאַט איז בכח אויפצובויען אַ נייע געזעלשאַפט; לאָמיר זיי צוגעבען, אַז די בורזשואַזיע וועט איינגעהן אויף דעם מסחר צו העלפען בויען אַ נייע לאַנד פאַר די אידען כדי מען זאָל קענען נאָכהער מאַכען אַ רעוואָלוציאָן געגען זיי; לאָמיר זיי צוגעבען, אַז עס איז כדאי צו בויען אַ געזעלשאַפט, נור אום צו קענען מאַכען אַ רעוואָלוציאָן; לאָמיר זיי צוגעבען, אַז די אי־דישע ראָלע אין די יעצטיגע רעוואָלוציאָן איז נור געוועז, און קען נור זיין אַ פאַרניכטענדע: לאָמיר זיי ענדליך צוגעבען, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט צו באַקומען אַ טעריטאָריע; מיט איין וואָרט: לאָמיר זיי אַלעס צוגעבען! און וואָס איז דאַן? וועט דאָס טאַקע העלפען דעם אידישען פאָלק?

און דאַ מוזען מיר ווידער צוריק קומען צו דעם ערשטען פּונקט:

די ציוניסטען טעריטאָריאַליסטען קענען דאָך ניט דענקען,

אז דאס גאנצע אידישע פאלק וועט מיט איין מאל אריבער־פאהרען אין דער נייער טעריטאריע. אויף דעם בעסטען אופן קען־נען אין פארלויף פון 50 יאהר איבערוואנדערען א מיליאן, אדער צוויי מיליאן אידען. און דיזער חסרון וועט, ווי מיר האבען געזעהן שנעל נתמלא ווערען.

שטרענגע מארקסיסטען און פאליטישע עקאנאמען, ווי זיי זיינען, דארפען זיי דאך וויסען, אז א פאלק פון 10 מיליאן קען באין אופן ניט אריבערפאהרען פון איין עק וועלט אין דעם צווייטען אזוי מיר נים, דיר ניט, נאך דערצו, ווען זיי דארפען פארלאזען א קולטורעל ציוויליזירטעס, ביז א גרויסען גראד אינדוסטריעל ענטוויקעלטעס לאנד, און פאהרען אין א פאל־שטענדיגע ווישטענים. זיי דארפען וויסען, אז די אידען, וואס האבען אין די לעצטע 20 יאהר ארויסגעוואנדערט קיין ענגלאנד און אמעריקא, וועלען ניט און קענען ניט, ווידער אמאל זיך צו־ברעכען און פאהרען אין א נייעם לאנד. זיי דארפען וויסען, אז די מענשען אין דעם אלטער צווישען 25 און 40 יאהר, ד. ה. די אמת'ע מענשען וואס טויגען צו בויען א געזעלשאפט; די־זע מענשען ביי וועמען די קינדער האלטען ערשט אין וואקסען, וועלען בשום אופן ניט אויפאפפערען די צוקונפט פון זייערע קינדערס ערציהונג און אוועקשלעפען זיך אין א ווישטענים, אהן קולטור, אהן שולען, אהן גימנאזיעס א. ז. וו. די ערציהונג פון קינדער איז ביי דעם אידען א צו וויכטיגע זאך, און ער וועט ניט פארהאקען די טהירען פון זיינע קינדערס שולען, נאכדעם וואו זיי האבען זיך ענדליך, דאס ערשטע מאל אין זיין היס־טריע, פאר זיי געעפענט אין די פרייע לענדער. זיי מוזען אויך וויסען, אז די עקאנאמישע אומשטענדען רופען ניט נור ארויס קלאסען און נאציאנען קעמפע, נור אויך אידען קעמפע, און אז עס וועלען זיך מן הסתם געפינען מיליאנען אידען וואס וועלען זיך ענטזאגען צו געהן אין דער נייער טעריטריע,ווי די בונדיס־טען פון איין זייט, די ציוניסטען פון דער צווייטער זייט, א גרויסע טהייל פון דער בורזשואזיעאון די מיטעלקלאסע פון א דריטע זייט. זיי מוזען אלזא וויסען, אז דער „מי ומי ההולכים“ איז דא א גרויסע קשיה, און אז דער גרעסטער טהייל פון די אידען וועט בלייבען אין גלות.

וואס וועט ווערען פון דיזע אידען?

ווי אזוי וועט די נייע טעריטאריע פון די נייע „עולי גולה“ ווירקען אויף די אידען וואס וועלען בלייבען אין גלות? אונזיניג ווי די באהויפטונג פון די ציוניסטען — די מאטעריעלע ווי די גייסטיגע — איז, אז א אידישע מלוכה ערגעץ וואו, וועט מאכען די אידען מעהר געאכטעט אין גלות, אדער וועט זיי קענען באאיינפלוסען גייסטיג און קולטורעל — אונזיניג ווי דיזעס איז, האט עס אלץ נאך מעהר זינען ווי די אידעע פון די ציוניסטען סאציאליסטען. שווער ווי עס איז, קען מען זיך נאך ווי עס איז פארשטעלען, אז דער פילאזאפישער פאקולטעט אין ירושלים, אונטער די פיהרונג פון אחד העם׳ס לאנג אפגעשטארבענע אידעאליסטישע פילאזאפיע, זאל האבען וועלכען עס איז איינפלוס אויף א שניפישאקער משכיל. ווי אזוי אבער די ״נאציאנאלע אינדוסטריע“ און די נייע טעריטאריע אין אזיען אדער אין אפריקא, זאל קענען עקאנאמיש העלפען די אידען פון מזרח אייראפא — דאס קען מען זיך בשום אופן ניט פארשטעלען.

דאס אידישע פאלק איז אלזא סוף כל סוף פאראורטהיילט אריינצופאלען אין די רייהען פון דעם לומפען פראלעטאריאט, און וועט אלץ ניט קענען זיין קיין פאקטאר אין די סאציאלע רעוואלוציע. אלץ וואס דיזער טעריטאריאליזם קען אויפטהון, איז נאך מעהר צו צושפרייטען דאס אידישע פאלק. צו די פיעלע פלעצער וואו אידען געפינען זיך שוין היינט וועט צוקומען נאך א פלאץ, די נייע טעריטאריע.

דאס איז אלץ געזאגט, ווען מען גיט צו, אז זייער „טעאריע איז ריכטיג, ווי שטעהט עס אבער אין אמת׳ן מיט זייער „וויסענשאפט“ און מיט זייער „מארקסיזם?“

5

## דער ציוניסטישער מארקסיזם.

ווי האלט עס מיט דער „טעאריע“ פון די סאציאליסטען טערריטאריאליסטען?

זיי באהויפטען צו זיין שטרענגע מארקסיסטען. זייער לעה־

רע בויען זיי נור אויף דעם מארקסיזם. פרובירט זיי זאגען, אז זייער מארקסיזם הינקט אביסעל צו, זיי ווען אייך מיט שטיי־נער פארווארפען. זייער לעהרע מוז דערפאר אויסהאלטען א מארקסיסטישען עקזאמען, נעמט זיי אבער אויף דעם פארהער, און איהר געפינט גלייך אויס, אז עס האלט זעהר שמאל מיט זייער מארקסיזם.

די מארקסיסטישע לעהרע איז באגרינדעט אויף דעם כלל, אז די עקאנאמישע פארהעלטניסע (ניט די „עקאנאמישע אומ־שטענדען“.) זיינען דער יסוד, ארום וועלכע די גאנצע מענש־ליכע היסטאריע דרעהט זיך. מיט אנדערע ווערטער: די ארט און וויזע, ווי אזוי די מענשען פראדוצירען און פארטהיילען צווישען זיך די זאכען וואס זיינען נויטיג צום לעבען איז דער פונדאמענט פון אלע וויכטיגע מענשליכע האנדלונגען. דאס איז די פילאזאפיע פון מארקסיזם. דאס איז צו דערזעלבער צייט זיין מעטאדע צו פארשען די היסטאריע.

ווען דיזער פרינציפ איז איינמאל פעסטגעשטעלט, בלייבט ניט מעהר איבער ווי צו אונטערזוכען די עקזיסטירענדע עקא־נאמישע פארהעלטניסע. ד. ה. אויסצופארשען די ארט און וויזע ווי אזוי די מענשען פראדוצירען און פארטהיילען די זא־כען וואס זיינען נויטיג צום לעבען. שטודירענדיג די עקאנא־מישע פארהעלטניסע האט קארל מארק ענטדעקט און פעסט־געשטעלט, דאס דער אופן ווי אזוי די סחורות ווערען פראדו־צירט און פארטהיילט היינט צו טאג, פיהרט, פון איין זייט, צו די אנזאמלונג און קאנצענטרירונג פון גרויסע קאפיטאלען אין איינצעלנע הענד, און עס באשאפט נויט, ארימקייט, ליידען און ערנידרונג, פון דער צווייטער זייט; אז דאס צוטהיילט די מענשהייט אין פארשיידענע קלאסען, וועלכע שטעהן כסדר אנ־געשטעלט איינס אנטקעגען ס'אנדערע; אז עס טרייבט די מיטעלקלאסע אריין אין די רייהען פון דעם פראלעטאריאט, און דאס פראלעטאריאט איז די רייהען פון די בעטלער; אז אין דערזעלבער צייט באשאפט עס און ערציהט א געזונטע אונצו־פרידענהייט און קלאסענבאוואוסטזיין צווישען די ארעמע קלא־סען, און דאס וועט סוף כל סוף פיהרען צו די איינפיהרונג פון

א נייע סאציאלע ארדנונג, באגרינדעט אויף גלייכהייט און גע־רעכטינקייט. — צום סאציאליזם.

דאס איז מארקסיזם על רגל אחת.

דער לעזער קען גלייך איינזעהען, אז פון דאס אלץ קען מען ניט אויס׳פשט׳לען, אז די אידען דארפען האבען אן אייגע־נע טעריטאריע. און די ס. ט. קענען דאס טאקע אויך ניט. זיי ברייננגעןדאס אבער פארטיג מיט דעם וואס זיי לייגען צו צום מארקסיזם עטוואס. און צוליב דעם הייבען זיי ניט אן פון אנהויב, נור פון סוף.

אלץ וואס שטעהט געשריבען ביי מארקס׳ן, זאגען זיי, איז אמת; אלץ איז ריכטיג ווי גאלד, ניט מעהר, עס איז ניט דער גאנצער אמת! צו דעם קלאסען־קאמף קומט נאך צו א נאציא־נען־ קאמף, ד. ה. ניט נור קעמפט דאס פראלעטאריאט מיט די קאפיטאליסטען, נור אין אזא לאנד ווי רוסלאנד, וועלכעס איז צוזאמענגעזעצט פון פארשיעדענע פעלקער, קעמפען אויך די קאפיטאליסטען פון איין נאציאן מיט די קאפיטאליסטען פון דער צווייטער, און דאס פראלעטאריאט פון איין נאציאן מיט דעם פראלעטאריאט פון דער צווייטער. און דער רע־זולטאט פון דיזען קאמף, זאגען זיי ווייטער, איז דער, וואס די הערשענדע נאציאן איז אימער דער זיגער. די קאפיטא־ליסטען פון די אונטערדריקטע פעלקער קענען זיך דאדורך ניט ארויפארבייטען צו ווערען קאפיטאליסטען אין ריכטיגען זינען ד. ה. צו באהערשען די גרויס אינדוסטריע, און דאס פראלע־טאריאט פון די אונטערדריקטע פעלקער קענען ניט ווערען קיין אמת׳ע פראלעטאריער, ד. ה. זיי קענען ניט נעמען קיין איינטהייל אין די ריכטיגע גרויס־אינדוסטריע. זייער „טעא־ריע" איז אלזא געבויט ניט אויף דעם מארקסיזם נור אויף דעם וואס זיי לייגען צו צום מארקסיזם. אייגענטליך אויף א פעל־שונג פון מארקסיזם.

נור מען וואלט זיי דאס נאך געקענט מוחל זיין; האבען זיי א נייעם מארקסיזם! וואס איז אבער דער לאגישער שלום פון דיזען מארקסיזם? ווען זיי וואלטען געקענט דענקען לא־גיש, וואלטען זיי געמוזט זאגען פאלגענדעס: די קאפיטא־ליסטישע פראדוקציאןפיהרט צו א קלאסען־קאמף און צו א נא־

ציאָנען־קאַמף. אין דיזען נאַציאָנען קאַמף זיגט אימער דאָס הערשענדע פאָלק, וואָס האָט אין זיין האַנד די נאַציאָנאַלע אינדוסטריע. די וואָס באַלאַנגען צו די שוואַכערע נאַציאָנען, מוזען אריינפאַלען אין די רייהען פון דעם לומפּען פּראָלעטאַ ריאַט. דאָס אידישער פאָלק איז אין דיזער אומגליקליכער לאַ־ גע, עס איז אַ שוואַכעס, אונטערדריקטעס פאָלק, עס האָט קיין נאַ־ ציאָנאַלע אינדוסטריע ניט. עס איז דאַדורך פאַראורטהיילט צום לומפּען פּראָלעטאַריאַט, און קיינער קען עס ניט העלפען*).

דאָס וואָלט וואָלט ניט געווען די וואָרהייט, עס וואָלט ניט געווען קיין מאַרקסיזם, און עס וואָלט אויך געווען פאַלש וואָס אנבע־ לאַנגט צו דעם אידישען פאָלק. עס וואָלט אבער געווען לאַגיש פון זייער אייגענעם שטאַנדפּונקט.

דיזען איינציגען לאַגישען שלום ציהען זיי ניט, אנשטאָט דעם, כאַפּען זיי זיך צו דער עמיגראַציע. דיזער אונגאָרמאַלער צושטאַנד פון די אידען, זאָגען זיי, טרייבט די אידען צו עמיג־ רירען, און די עמיגראַציע פיהרט צו דער באַדירפניס פון אַן איי־ גענע טעריטאָריע. מיר האָבען אַזוי אַרום, אַ גאַנץ נייע שטה, וועלכע האָט מיט דעם מאַרקסיזם ניט צו טהון, וועלכע איז נור אַ צוטשעפּעניס צו דעם מאַרקסיזם.

דאָ קענען די ס. ט. מאַכען אַן איינווענדונג: זיי קענען זאָגען, מיר זיינען ניט אַזעלכע מאַרקסיסטען, מיר זאָלען זיך אונטערשרייבען אויף יעדען וואָרט. מיר זיינען אבער מאַרק־ סיסטען אין דעם זינען, דאָס מיר ווענדען אָן מאַרקס מעטאָדע, מיר געהן אַרויס פון דעם מאַרקסיסטישען כלל, אַז די עקאָנאָ־ מישע פאַרהעלטנים זיינען דער יסוד פון די גאַנצע מענשליכע טעטיגקייט, און אַרויסגעהענדיג פון דיזען כלל, פאַרשען מיר

---

*) איך מאַך די לעזער אויפמערקזאַם אויף די זעהר גוטע בראַשורע „פּועלי־ציוניזם“, אַרויסגעגעבען פון „בונד“. דיזער אַרגומענט, ווי נאָך איניגע וואָס איך וועל אַרויסבריינגען, איז שוין געמאַכט געוואָרען אין דעם דערמאָנטען ביכעל. איך ציטיר אָבער ניט ווערטערליך 1) ווייל איך האָב געמאַכט דיזע אַרגומענטען זעלבסט־ שטענדיג, און 2) ווייל זיי קומען ביי מיר אַרויס אין אַנאַנדער צוזאַמענהאַנג.

די עקאנאמישע צושטענדע פון די אידען, און מיר געפינען אויס, אז זייער איינציגע הילפע ליגט אין אן אייגענע טערי־טאריע. דאס איז א שטיקעל טענה. די צרה איז נור וואס זיי ווייסען ניט ווי זיך צו באנוצען מיט דיזער מעטאדע, וואס זיי פארמישען די באגריפען „עקאנאמישע אומשטענדען" און „עקא־נאמישע פארהעלטניסע", וואס זייערע באהויפטונגען זיינען ניט ריכטיג, און וואס זייערע שליסע זיינען דאדורך פאלש.

אב. גאלדבערג האט ווי אויף באשטעלונג געליפערט א פרוי־שען באווייז צו מיינע באהויפטונגען, אין „דאס פאלק" פון דעם ערשטען יוני. ער שרייבט דארט אזוי:

„סאציאליזם, לויט דער מאטעריאליסטישער אויפפאסונג, איז א אידעאל, די טרעגער פון וועלכען זיינען פאראינטערע־סירט, ניט אין נאמען פון יושר, מאראל און עטהיק, נאר אין נאמען פון אייגענע אינטערעסען. די אינטערעסען באשאפען דעם סוביעקטיווען ווילען ביי דעם פאראינטערעסירטען קלאס און ענדערען די געזעלשאפט, דער סוביעקטיווער ווילען פון דעםסטוועגען גאראנטירט נור דאן די פארווירקליכונג פון סאצי־אליזם ,ווען איהם ענטשפרעכט א געוויסער סכום פון אביעקטי־ווע קרעפטען. די פראדוקציאן און די טעכניק מוז זיין עטווי־קעלט אין א העכערע שטופע און דער קלאס ווידער קען די גע־ווינשטע ענדערונג מאכען, וועלכער איז באשעפטיגט אין דער גרויס־פראדוקציאן. דאס איז די אורזאכע, וואס לויט דעם מארקסיזם, וועט די גרעסטע ראלע אין ענדערען די געזעלשאפט שפיעלען דער מאשין ארבייטער."

די ציטאטע איז כאראקטעריסטיש פאר דעם ציוניסטישען „מארקסיזם". זי איז אבער גרונד פאלש! דאס איז ניט מארק־סיזם, דאס איז דער הפוך פון מארקסיזם. נאך דעם מארק־סיזם, איז עס ניט ד י ע ק א נ א מ י ש ע ל א ג ע פון דיזע אדער יענע קלאסע וואס וועט איינפיהרען די סאצי־אליסטישע געזעלשאפט „אין נאמען פון אייגענע אינטערע־סען". עס איז ד י ע ק א נ א מ י ש ע פ א ר ה ע ל ט־נ י ס ע פון דער גאנצער געזעלשאפט, די פארהעלטניסע, (דאס וואס די זאכען ווערען פראדוצירט ניט צום געברויך, נור אלס א סחורה), וועלכע פיהרען פריהער צו קאנקורענציע נאכהער צו

קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל; וואָס פאַראורזאַכען דאָס בויען פון אימער בעסערע און גרעסערע מאַשינען, וואָס טרייבט די מיטעלקלאַסע צו ווערען פראָלעטאַריער, וואָס מאַכט אַ טהייל פון די פראָלעטאַריער צו לומפּען פראָלעטאַריער, וואָס פאַרטהיילט די מענשהייט אין קלאַסען, וואָס באַשאַפט נייע אָנזיכטען איבער מאָראַל און יושר א. ז. וו. אַט דיזע עקאָנאָמישע פאַרהעלטניסע פיהרען צו דעם פאַרווירקליכונג פון סאָציאַליסטישען אידעאַל. ווער עס פאַרשטעהט ניט דיזען פּונקט, דער פאַרשטעהט ניט דעם מאַרקסיזם, דער בויט פאַלשע טעאָריען אויף דעם גרונד פון מאַרקסיזם

די גאַנצע פילאָזאָפיע פון די ס. ט. באַשטעהט פון 4 פּונקטען:

1) עס איז דאָ אַ נאַציאָנאַלע אינדוסטריע;

2) ווען פאַרשיידענע פעלקער וואָהנען אין איין לאַנד געהט אָן אַ קאַמף צווישען די פאַרשיעדענע נאַציאָנען, און אַז דאָס הערשענדע פאָלק איז אימער דער זיגער אויך עקאָנאָמיש, ווייל די אינדוסטריע באַלאַנגט צו דעם הערשענדען פאָלק;

3) דאָס פּראָלעטאַריאַט פאַרטהיילט זיך אין אַ פּאָזיטיווען און אין אַ נעגאַטיווען, דאָס פּראָלעטאַריאַט פון דעם הערשענדען פאָלק איז אימער דאָס פּאָזיטיווע, און אַז דאָס פּראָלעטאַריאַט פון דעם אונטערדריקטען פאָלק איז פאַראורטהיילט אַריינצופאַלען אין די רייהען פון דעם לומפּען פּראָלעטאַריאַט, אין בעסטען פאַל, קען עס נור ווערען אַ נעגאַטיווען פּראָלעטאַריאַט;

4) דיזער צושטאַנד פיהרט צו עמיגראַציע פון דעם אונטערדריקטען פאָלק.

איך האָב דיזע 4 פּונקטען אויפגעשטעלט אַלס אַלגעמיינע רעגעלען. ווייל נור אַלס אַלגעמיינע רעגעלען קענען זיי האָבען וועלכען עס איז זינען.

.6

## נאַציאָנאַלע אינדוסטריע און עמיגראַציע.

וואָס מיינט דאָס נאַציאָנאַלע אינדוסטריע? דאָס וואָרט קען האָבען צוויי באַדייטונגען: מען קען פאַרטייטשען, אַז

„נאציאָנאַלע אינדוסטריע" מיינט אַזאַ אינדוסטריע וואָס ווערט באַטריבען פון אַ געוויסען נאַציאָן, און מען קען מיינען, אַז די אַלגעמיינע אינדוסטריע פונ'ם לאַנד ליעגט אין די הענט פון דיזע אָדער יענע נאַציאָן. די ס. ט. האָבען אונז ביז יעצט נאָך אַפילו ניט געזאָגט, וואָס זיי מיינען מיט דיזען וואָרט. מען קען אָבער אננעמען פאַר זיכער, אַז זיי מיינען אוראַי ניט דעם ערשטען טייטש, זיי מיינען אודאי, אַז די אַלגעמיינע אינדוסט־ריע פון דעם „רוסלענדער" לאַנד באַלאַנגט צו דעם הערשענ־דען פאָלק, און אַזוי ווי דאָס הערשענדע פאָלק איז דאָס רוסי־שע פאָלק, דאַדורך איז אויך די אינדוסטריע רוסיש־נאַציאָנאַל.

אויף אַזאַ אופן האָבען די פּאָליאַקען, די פינלענדער, די לעטישען, די אַרמעניער, די טאָטאַרען, און אַלע אַנדערע פעל־קער אין די רוסישע אימפּעריע קיין נאַציאָנאַלע אינדוסטריע; אויף אַזאַ אופן האָבען די פּאָליאַקען אין דייטשלאַנד; די רוט־הענער, די טשעכען, די איטאַליענער און אַלע אַנדערע פעלקער אין עסטרייך, קיין נאַציאָנאַלע אינדוסטריע. דיזע אַלע פעלקער זיינען אַלזאָ פאַראורטהיילט אריינצופאַלען אין די רייהען פון דעם לומפּען פּראָלעטאַריאַט, און וועלען ניט זיין אימשטאַנד צו נעמען אַן אויפבויענדען אַנטהייל אין די סאָציאַלע רעוואָ־לוציאָן. ווייל, ווי איהר ווייסט, עס געהט אַן אַ קאַמף צווישען די נאַציאָנען, און דאָס הערשענדע פאָלק איז אימער דער זיגער.

און אַז מיר זיינען שוין געקומען אַזוי ווייט, קענען מיר צוזאַמען מיט די ציוניסטען סאָציאַליסטען, מאַכען נאָך אַ טריט.

מיר קענען זאָגען: די עקאָנאָמישע אומשטענדען פון די־זע אַלע אונטערדריקטע פעלקער, פיהרען זיי צו אַ מאַסען־עמי־גראַציע.

דאָס קענען מיר באַווייזען וויסענשאַפטליך מיט סטאַטיס־טישע ציפערען.

פון דעם ערשטען יולי 1904 ביז דעם 30טען יוני 1905, למשל, זיינען אַנגעקומען אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען 184, 622 עמיגראַנטען פון רוסלאַנד. פון דיזע זיינען געווען אמת רוסישע 3278; אידען 92,388 און פון די אַנדערע אונטער־דריקטע פעלקער 88,956, ניט פיעל ווייניגער ווי אידען. פון

עסטרייך־אונגארן האבען אריינגעוואנדערט 275,418, פון זיי זיינען געווען אידען אין גאנצען 47,352, דייטשען אונגעפעהר 52,000, די איבעריגע 176,066 זיינען געווען פון די איבעריגע אונטערדריקטע פעלקער. ווען מיר בארעכענען די צאהל איינוואנדערער דיזעם יאהר פון איינינגע אונטעדריקטע פעלקער, געפינען מיר:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אידען | (פון רוסלאנד | און | עסטרייך) | 129,910 |
| פאליאקען | „ | „ | „ | 102,137 |
| סלאוואקען | „ | „ | „ | 52,368 |

מיר קומען דערפאר צו די פאלגענדע טעאריע: די פאליאקען, סלאוואקען א. ז. וו. האבען קיין נאציאנאלע אינדוסטריע. זיי זיינען דאדורך געצוואונגען אויסצואוואנדערען קיין אמעריקא אין גרויסע מאסען. אין אמעריקא וועט דאך זיי אויך ניט זיין בעסער. דא ווערט דאך די אינדוסטריע באהערשט פון אנדערע וואס זיינען שוין פריהער אהער געקומען. דאס איינציגע מיטעל פאר דיזע אלע פעלקער איז א נייע, אן איינענע טערריטאריע.

אט וואו מיר קומען אן, ווען מען וויל די סאציאליסטיש־טערריטאריאליסטישע „וויסענשאפט" מאכען פאר אן אלגעמיינע טעאריע. מיר פארבלאנזשען אין אזא „טערריטאריע" פון וועלכע עס זעהט זיך קיין שטעג און קיין וועג.

איך וויים, די ס. ט. וועלען זיך אביסעל קרימען דערביי, זיי זיינען גאר ניט געוואהנט צו געהן אויף אזא גלייכען וועג, און וועלען זיך סטארען אביסעל צו פארנעמען אן א זייט. דאס וועט זיי אבער ניט פיעל העלפען. פון א בלאטע קען מען נור ארויסשלעפען איין פוס, ווען מען שטעקט אריין נאך טיפער דעם צווייטען.

זיי וועלען זאגען, דאס איז ניט קיין פארגלייך. די פאליאקען האבען אין אמת'ן זייער איינענע לאנד מיט זייער אינדוסטריע. די צרה ביי זיי איז וואס א פרעמדע, טיראנישע רעגיערונג האט פארכאפט זייער טערריטאריע. באפרייט זיי פון דיזע רעגיערונג, א זאך וואס לאזט זיך היינטיגע צייטען ריידען, און אלע זייערע צרות פאלען אוועק, ווערענד אידען זיינען אין אן אויסנאהם'ס לאגע. וואס עס זאל אין רוסלאנד ניט

פאסירען, וועלען די אידען אלץ האבען צו ליידען פון דיזעל־בע צרות, איז ניט פון רוסלאנד, וועט עס זיין פון די פאליא־קען, קיין טעריטאריע וועלען זיי אלץ ניט האבען, די אינדוס־טריע וועט אלץ ניט זיין זייערע, זיי וועלען אלץ זיך מוזען ארומ־שלעפען אין די וועלט א. ז. וו. אזוי קענען זיי טענה'ן און, אוי־בערפלעכליך וועלען זיי זיין גערעכט. מיר מוזען דערפאר זייער טעאריע אונטערזוכען פון אנאנדער שטאנדפונקט:

וואס מען זאל ניט דענקען פון נאציאנאלע אינדוסטריע, קיין מענש וועט ניט לייקענען, אז די דייטשען, ענגלענדער, אי־טאליענער און סקאנדינאווער האבען א נאציאנאלע אינדוס־טריע. נאך די ס. ט. דארף די עמיגראציע פון דיזע לענדער זיין זעהר קליין. וואס זאגען די ציפערען? זייט דעם יאהר 1881, ד. ה. זייט דעם יאהר וואס אידען האבען אנגעהויבען אויסצוואוואנדערען אין גרויסע מאסען, זיינען אנגעקומען קיין אמעריקא:

| | |
|---|---|
| פון דייטשלאנד — — — — — — | 2,135 ,117 |
| פון ענגלאנד — — — — — — — | 2,507,814 |
| פון איטאליען — — — — — — | 1,918,971 |
| פון סקאנדינאוויען (דענ. נארווערגען און שווערען) | 1,319,545 |
| צוזאמען — — — | 7,881 ,547 |

ווערענד אידען זיינען אלע צוזאמען געקומען א קנאפער מיליאן.

אין דעם יאהר פון דעם ערשטען יולי 1904 ביז דעם 30טען יוני 1905 זיינען אנגעקומען:

איטאליענער 250,26.

ענגלענדער (צוזאמען מיט אייריש) 137,134.

אידען (פון אלע לענדער) 128,910.

דייטשען (פון דייטשלאנד און עסטרייך) 82,360.

די פעלקער מיט נאציאנאלע אינדוסטריען און מיט אייגע־נע טעריטאריעס האבען אלזא אהער געשיקט פיעל מעהר עמי־גראנטען ווי די אידען. און, מען מוז ניט פארגעסען, אז די לעצטע יאהרען איז די עמיגראציע פון ענגלאנד און דייטשלאנד

שטארק געפאלען. עס זיינען געוועזען יאהרען, ווי אין 1882, ווען דייטשלאנד האט צוגעשטעלט 250,630 און ענגלאנד 179,419 אימיגראנטען. דיזע ציפערען זיינען ניט אויסגעטראכט פון קאָפּ, ווי די „טעאָריעס" פון די ס. ט. איהר וועט זיי געפינען אין די אָפיציעלע איינוואנדערונג־רעפּאָרטען פון די וואשינג־טאָנער רעגיערונג.

וואס לערנען דיזע ציפערען? זיי לערנען אונז, אז די „נאַציאָנאַלע אינדוסטריע" אין די אייגענע טעריטאָריע האָלט ניט אָפּ די עמיגראציע פון מיליאָנען מענשען, אז דיזע זאכען האָבען קיין שייכות מיט עמיגראציע, אז די עמיגראציע ווערט ארויסגערופען דורך גאנץ אַנדערע אורזאכען. עס איז דערפאר אפשר א סברה, אז די אידישע עמיגראציע ווערט אויך ארויס־גערופען דורך אַנדערע אורזאכען, ווי דאס פעהלען פון א נאַ־ציאָנאַל אינדוסטרי.

א „וויסענשאפטליכער" סאציאליסט טעריטאָריאליסט קען מאַכען דאָ אַן איינווענדונג, ער קען זאגען: עס איז טאקע אמת, אז די אַבסאָלוטע צאָהל פון איטאליענער אימיגראַנטען איז גרעסער ווי די אידישע. דערפאר איז אָבער די רעלאטיווע צאָהל, די אידישע גרעסער. מיט אַנדערע ווערטער: איטאַ־ליענער זיינען טאקע געקומען מעהר ווי אידען, ווען איהר וועט אָבער פארטהיילען אַלע איטאליענער אימיגראַנטען אויף די צאָהל פון דעם גאַנצען איטאליענער פאלק, און איהר וועט דאס זעלבע טהון מיט די אידען, וועט איהר אויסגעפינען, אז דער פּראָצענט פון די אידישע אימיגראַנטען איז פיעל גרעסער, ווי פון איטאַליענער. מען קען דערפון זעהן, ווען זיי זאגען, אז אידען זיינען אַן אויסנאַהם'ס לאגע. א שטיקעל אמת שטעקט אין דעם. אָבער „אַ האַלבער אמת, איז ערגער ווי א גאנצען ליגען", זאָגט א שפּריכוואָסט. דאס איז אמת נור אין געוויסע יאָהרען, ווערענד אין אַנדערע יאהרען איז די צאָהל פון די אי־טאַליענער גרעסער, אויך רעלאטיוו, און דאס באווייזט אויך, אז די אידישע אויסוואַנדערונג איז אַן אויסנאַהמע פון די אויס־וואַנדערונגען פון אַלע אַנדערע פעלקער, ווייל די אידישע לאַגע איז אַן אויסנאַהם'ס לאגע. דאס איז ליידער צו אמת. אָבער דער אויסנאַהם איז פּונקט א פארקערטער ווי די ס. ט. מיינען,

און דער שלום איז, נאטירליך, אויך פונקט א פארקערטער.

אין דעם יאהר 1891 האט די רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאאטען ארויסגעשיקט א קאמיסיע נאראייראפא „אויסצוגעפינען די אורזאכען וואס מאכען אז א חישק איינצוּוואנדערען נאך אמעריקא". דיזע קאמיסיע האט בארייזט די וויכטיגסטע שטעדט אין אייראפא. צוויי פון זיי, וועבער און קעמפסטער, האבען אונטערזוכט די צושטענדע אין רוסלאנד. זיי האבען באזוכט פעטערבורג, מאסקווא, מינסק, ווילנא, ביאליסטאק, גראדנא און ווארשא, אויסער איינינע קליינע שטעדטלאך. דעם רעזולטאט פון זייערע פארשונגען האט די רעגירונג ארויסגעגעבען אין א באזונדער בוך. און דיזער באריכט איז א שוידערליכער. די ארימקייט און די פארפאלגונג, וואס זיי האבען אנגעזעהן און אנגעהערט, שרייבען זיי אין דעם באריכט, וועלען זיי אין לעבען ניט פארגעסען. און זיי אפעלירען צו די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען זיך אנצונעהמען פאר דיזען אומגלקליכען פאלק אין נאמען פון מענשליכקייט.

און וואס איז די אורזאכע פון דיזען דלות? די קאמיסיאן האט איין ווארט פאר דיזען: „גאווערנמענט אפפרעססיאן!" די אונטערדריקונג פון דער רעגיערונג. אלע אנדערע פעלקער וואנדערען אויס פון זייער היימאטה צוליב די עקאנאמישע אומשטענדען, צוליב די ארימקייט אין דער היים, און צוליב די האפנונג צו פארבעסערען די מאטעריאלע לאגע אין אמעריקא, טהיילווייז אויך צוליעב די איבערטריבענע גליקען וואס פארשיידענע אגענטען פון שיפס קאמפאניעס, און אנדער שווינדלער פארשפרייטען, ווערענד די אידישע אויסוואנדערונג, קומט הויפטזעכליך פון די פארפאלגונגען און די אויסנאהם'ס געזעצע געגען די אידען. און די עקאנאמישע אומשטענדען, הגם זיי שפיעלען א גרויסע ראלע ביי די אויסוואנדערונג ווערען זיי אבער אין דעם פאל פון די אידען ארויסגערופען קינסטליך מיט דעם וואס די אידען ווערען צוזאמענגעפרעסט אין באשטימטע ערטער; וואס די פיעלע טויזענדע בעלי מלאכות און ליידיג געהער וואס זיינען פארטריבען געווארען פון מאסקווא פארשאפען אז אוננארמאלע קאנקורענציע דעם איינגעזעסע-

נעם ארבייטער, צו וועלכען עס קומען נאך צו די ספעציעלע אונטערדריקונג אין דער „טשערטא“ גופא. פון די מאסען פאקטען וואס די קאמיסיע ברייננגט, וויל איך נאר אי־בערגעבען איין איינציגען: אין מינסק האבען זיי באגעגענט אן אידישען קאנטראקטאר פון רעגיערונגס געביידעס (א פאר־ריאטשיק). ער האט נאר וואס געמאכט א גרויסען קאנטראקט מיט די רעגיערונג. אין דיזען קאנטראקט איז געשטאנען א פונקט, אז ער טאר ניט באשעפטיגען קיינע אידישע ארבייטער, און די ארבייט האט געדארפט געמאכט ווערען אין מינסק גופא. די קאמיסיע זאגט נאך עדות, אז זי האט זיך איבער־ציינגט, אז די אידען אין מינסק אין געביי־פאכען, ארבייטען בע־סער ווי די דארטיגע קריסטען.

דעם באריכט ענדיגען זיי מיט דיזע ווערטער: „אין אלע לענדער קומט די באוועגונג אויסצואוואנדערען נאך אמעריקא כמעט אין גאנצען פון נארמאלע אורזאכען, אין רוסלאנד, אבער, איז דאס צו צושרייבען צו אורזאכען וואס ליגען אין דער האנט פון דער רעגיערונג“.

אלס וייטערען באוויז בריינגט די קאמיסיע פאלגענדע ציפערען.

די איינוואנדערונג פון רוסלאנד נאך אמעריקא איז געווען:

| אין יאהר | צאהל איינוואנדערער. |
|---|---|
| 1880 | 7,693 |
| 1881 | 10,518 |
| 1882 | 15,900 |
| 1883 | 7,577 |

די אויסוואנדערונג שטייגט מיט די פארפאלגונג, און פאלט אזוי שנעל ווי די פארפאלגונג לאזט נאך אביסעל נאך. די אי־דישע אויסוואנדערונג הויבט זיך איבערהויפט אן מיט די ספע־ציעלע אידען פארפאלגונג. פון דעם יאהר 1881 ביז דעם יאהר 1890 זיינען אנגעקומען נאך די פאראייניגטע שטאאטען דורך די דריי הויפט פארטען, ניו יארק, פילאדעלפיא און באלטימאר פון 20 ביז 25 טויזענד אידען יעהרליך. נור איינינגע מאל זיי־נען אנגעקומען 30 טויזענד אידען אין איין יאהר. אין יאהר 1891, נאך דעם גירוש מאסקווא, וואקסט די צאהל אויף

69,139, אין דעם נעקסטען יאהר פאלט עס שוין אויף 60,325. אין די ווייטערע יאהרען פאלט די איינוואנדערונג ווידער אויף 25 ביז 30 טויזענד יעהרליך. אין די דריי יאהר פון יולי 1899 ביז יוני 1902 איז די איינוואנדערונג דורכשניטליך 49 טויזענד יעהרליך.*) און אין די לעצטע דריי יאהר איז די עמיגראציע געשטיגען נאך פיעל העכער.

מיר זעהען דערפון דייטליך, אז די גרויסע אידישע עמיגראציע איז דירעקט צו צושרייבען צו די ספעציעלע פארפאלגונגען געגען אידען, און די נויט, וואס איז צו גרויסען טהייל א פאלגע פון דיזע אונטערדריקוונג, וואס די רעגיערונג באטרייבט צוליעב איהרע ספעציעלע פאליטישע צוועקען.

נאך דייטליכער ווייזט זיך דאס ארוים, ווען מען פארגלייכט די אידישע איינוואנדערונג פון רוסלאנד, מיט די אידישע איינוואנדערונג פון עסטרייך־אונגארן.

עס זיינען אריינגעקומען אין די פאראייניגטע שטאטען:

| אין יאהר | ס"ה אידען | עסטרייך־אונג. | רוסישע |
|---|---|---|---|
| 1900 | 60,764 | — | — |
| 1901 | 58,098 | 13,,006 | 37,660 |
| 1902 | 57,688 | 12,848 | 37,846 |
| 1903 | 76,203 | 18,759 | 47,689 |
| 1905 | 106,236 | 20,211 | 77,514 |
| 1905 | 129,910 | 17,352 | 92,388 |

מען זעהט פון דעם, דאס ווערענד די אידישע עמיגראציע

---

*) דיזע ציפערען גיבען ניט קיין ריכטיגע בילד פון די אידישע איינוואנדערונג. הגם זיי ענדערען ניט דעם רעזולטאט פון מיינע אונטערזוכונג. זיי זיינען ארויסגענומען פון דר. ארטהור רופפין'ס בוך „די יודען דער געגענווארט", זייטע 35. (בערלין 1904) דר רופין נעהמט אבער די ציפערען פון דעם: „אמעריקאנער־אידישער יאהר־בוך און אויף זייערע ציפערען קען מען זיך ניט פארלאזען. ווי עס שיינט האבען די „יהודים" א פרינציפ צו פארקלענערען די צאהל אידען אין אמעריקא, צוליעב א בייז אויג אודאי. און זיי גיבען זיך אן עצה: אנשטאט צו געבען די ציפערען פון אלע אידען וואס זיינען אנגעקומען קיין אמעריקא, גיבען זיי די צאהל פון די

פון עסטרייך־אונגארן גע‍הט ארויף און אראפ אין א קליינע פראפארציע, האלט די אימיגראציע פון די רוסישע אידען אין איין שטייגען — נאך דעם גראד פון פאגראמען און אנדערע פארפאלגונגען. דאס באשטעטיגט די מיינונג פון די קאמ־מיסיע, אז די אידישע עמיגראציע פון רוסלאנד איז אוננאר־מאל ארויסגערופען פון ספּעציעלע פארפאלגונג.

גאנץ דאס זעלבע זעהט מען אויך ביי די רומענישע אי־דען: די עמיגראציע שטייגט אדער פאלט מיט דעם שטייגען אדער פאלען פון די אידען פארפאלגונג, אין יענעם אומגליקלי־כען לאנד.

די „טעאריע" פון „נאציאנאל־אינדוסטריע" פיהרט אונז צו דעם שלוס, אז מען מוז האבען א נייע טעריטאריע פאר די פאלאקען א. ז. וו. פון דער צווייטער זייט ווידער, זעהען מיר, אז די „נאציאנאלע אינדוסטריע" מיט די אייגענע טעריטאריע באשיצט ניט דאס פראלעטאריאט פון אריינצופא־לען אין די רייהען פון דעם לומפען־פראלעטאריאט, און פון מאסען־עמיגראציע. פון די דריטע זייט ווידער, זעהען מיר אז די אידישע אויסוואנדערונג קומט ניט פון דעם, וואס די אי־דען האבען קיין נאציאנאלע אינדוסטריע.

וואו מען לעגט דעם חולה טהוט איהם אלץ וועה!

מיר וועלען נאך די זאך באטראכטען פון א פערטע זייט:

פון די 129,910 אידען וואס זיינען אריינגעקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען פון דעם ערשטען יולי 1904 ביז דעם 30טען יוני 1905 זיינען געווען 60,135 געלערנטע ארבייטער

---

„דריי הויפט פארטען, ניו יארק, פילאדעלפיא און באלטימאר". אידען קומען אבער אריין דורך אנדערע פארטען אויך. דר. רופין, עס איז אמת, דערמאנט דעם פאקט, אז מען דארף נאך צורעכענען די אידען וואס קומען אריין דורך אנדערע פארטען, ווי קענעדע. ער דענקט אבער אז דיזע צאהל, מוז זיין זעהר קליין. דאס איז אבער ניט ריכ־טיג. דער אונטערשייד איז זעהר א גרויסער — פון 10 ביז 15 טוי־זעד יעהליך. אבער ווי געזאגט, דיזע אונטערשיידען ענדערט ניט דעם רעזולטאט. די ווייטערע ציפערען נעם איך פון די אפיציעלע רע־פארטען...

(„סקילד לייבאר") ווערענד פון די 226,320 איטאַליענער, וואָס זיינען אריינגעקומען פאַר דיזעלבע צייט זיינען געווען גע־לערנטע ארבייטער בלויז 27,897. עס איז אמת, צווישען דיזע אידישע געלערנטע ארבייטער זיינען געווען 22,234 שניידער. אָבער די ס. ט. ווערען נאָך דארפען באווייזען, אַז שניידעריי איז ניט אַ טהייל פון די גרויס קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע.

פון דיזען ווידער לערנען מיר, אַז די אידען פּראָלעטאַ־ריזירען זיך, אָהן עין הרע, גאַנץ פיין, און אַז די איטאַליענער פּאַלען פיעל שנעלער אריין אין די רייהען פון דעם לומפּען־פּראָלעטאַריאַט. און זיי האָבען דאָך אַ נאַציאָנאַלע אינדוס־טריע מיט אַן אייגענע טערריטאָריע, און די אידען האָבען דאָס ניט.

נאָך שלימער ווערט די זאַך ווען מען באַרעכענט צו וואָס די איטאַליענער נעמען זיך אין דיזען לאַנד. וואו מען בויעט אַ טונעל, וואו מען דאַרף גראָבען אַ קאַנאַל, וואו מען דאַרף פאַרשיטען אַלטע פער'עפּוש'טע זומפּען, וואו מען דאַרף שלעפּען ציגעל און בויען פּסום מיט רעמסס, וואו מען דאַרף פוצען שטיוועל, וואו מען דאַרף ראַזירען אַ באָרד, אָדער אַנ־דערע אַזעלכע „גרויס־אינדוסטריעלע" אונטערנעמונגען, דאָרט געפינט איהר איטאַליענער. איהר מוזט אַלזאָ קומען צום שלוס, אַז די איטאַליענער זיינען געבאָרען געוואָרען צו זיין אַ „נעגאַ־טיוועס" פּראָלעטאַריאַט, אָדער אַז מען מוז פאַר זיי באַשאַ־פען אַ נייע טערריטאָריע, אָדער אַז די סאָציאַליסטען טעריטאָ־ריאַליסטען מוזען זוכען אַ נייע טעריטאָריע.

## 7.

## דאָס „נעגאַטיווע" פּראָלעטאַריאַט

אונז בלייבט יעצט איבער נאָך איין פונקט צו באַטראַכטען, דעם פונקט: צו די אידען פּראָלעטאַריזירען זיך? צו זיי באַ־לאַנגען צום „פּאָזיטיווען" אָדער צום נעגאַטיווען" פּראָ־לעטאַריאַט? און דאָס איז נאָך אַלעם דער וויכטיגסטער פונקט. ביז יעצט האָבען מיר געזוכט צו באַווייזען ווי פאַלש עס איז די

לאָגיק פון די סאָציאַליסטען טעריטאָראַליסטען. מיר האָבען געזוכט צו באַווייזען, אַז זייער מאַרקסיזם איז קיין מאַרקסיזם ניט, אַז די גאַנצע טעאָריע פון „נאַציאָנאַלע אינדוסטריע", מיט דעם „נאַציאָנען־קאַמף", מיט די מאַסען־עמיגראַציע אַלס פאָלגע איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך. נו, קענען יעצט קומען די סאָציאַליסטען־טעריטאָריאַליסטען און פרעגען אַ פּראָסטע קשיה. זיי קענען זאָגען: איהר האָט רעכט! מיר ווילען זיך מיט אייך ניט שפּאַרען, אונזער טעאָריע איז אַ פאַלשע. וואָס הערט זיך אָבער מיט דעם ספּעציעלען אידישען עלענד? וואָס הערט זיך מיט דעם, וואָס מען לאָזט די אידען ניט אַריין אין די גרויסע פאַבריקען? זיי קענען אַלזאָ איבערדרעהען דעם פּעלץ און זאָגען צו מיר: איהר זייט דאָך עפּעס אַ כשר'ער מאַרקסיסט, ווי אַזוי ערקלערט איהר דאָס, וואָס גראָד אידען לאָזט מען ניט אַריין אין די גרויסע פאַבריקען? און טאָמער וועל איך זיך ווער. ען אַרויסדרעהען פון אַ שווערע לאַגע און זאָגען אַז די גאַנצע מעשה איז ניט אמת, וועלען זיי מיר אויפּמישען דעם גרויסען, טויזענד־זייטיגען בוך, וואָס די י"קא (יודישע קאָלאָניזאַציאָנס אַסאָציאַציאָן — יק"א) האָט אַרויסגעגעבען און וועלען מיך באַשיטען מיט אַ מאַסע ציפערען און פאַקטען, וועלכע באַווייזען, אַז די אידען קענען ניט אַריינקומען אין דיזע פאַבריקען. זיי וועלען נאָך געהן ווייטער און זאָגען: אפילו אין אַמעריקאַ, אַרבייטען די אידען אויך נור ביי די אָפּגעשטאַנענע אינדוסטריען, און דאָס באַווייזט, אַז אידען זיינען ניט קיין אמת'ע פּראָלעטאַריער.

צו זיי וועלען דאָס פרעגען צו ניט, ווייס איך ניט, עס איז אָבער קיין צווייפעל ניט, אַז דאָס איז די וויכטיגע פראַגע, אַז דאָס איז איינס פון זייערע וויכטיגע אַרגומענטען. איך וויל דערפאַר אין דיזען קאַפּיטעל באַהאַנדלען דיזע פראַגע.

אָבער צו ענטפערען אויף דיזע פראַגע זיינען נויטווענדיג איניגע זייטיגע באַמערקונגען:

איין פונקט פון דער מאַרקסיסטישער לעהרע באַשטעהט אין דעם, אַז דאָס גרויס־קאַפּיטאַל טרייבט אַרויס פון מאַרק די קליינע אונטערנעמער, אַז דיזע קענען ניט באַשטעהן די קאָנקורענציע פון די גרויסע פאַבריקאַנטען, און זיינען פאַר'משפט

אונטערצוגעהן און פאלען אריין אין די רייהען פון דעם פראלע־טאריאט. איבער דיזען פונקט געהט אן א גרויסע פלוגתא. די קריטיקער פון מארקס'ן זאגען, אז דאס איז ניט וואהר. עס איז ניט אמת, זאגען זיי, אז די מיטעל קלאסע געהט אונטער, עס איז פונקט פארקעהרט, זי האלט אין איין וואקסען. אנ־שטאט דעם וואס די קליינע אונטערנעהמער זאלען אריינפאלען אין די רייהען פון די ארבייטער, טרעפען זיך פונקט פארקערט, אז פיעלע ארבייטער כאפען זיך אריין אין די רייהען פון די מיטעל קלאסע, אז זיי ווערען קליינע פאבריקאנטען. דיזע בא־הויפטונג זייערע באווייזען זיי מיט א גאנצען בארג ציפערען. די טענה איז אלזא: די מיטעל קלאסע פראלעטאריזירט זיך ניט. אין רוסלאנד איז אנגעגאנגען א ליטעראַרישער שטרייט 25 יאהר לאנג איבער דיזען פונקט. מארקסיסטען האבען גע־זאגט, אז רוסלאנד וועט מוזען דורכמאכען די קאפיטאליסטישע עפאכע, גראדע ווי אלע אנדערע לענדער, איידער עס וועט דארט קענען קומען צו סאציאליזם. די געגנער ווידער האבען דאס אפגעלייקענט. זייער טענה איז געווען, און איז נאך צו א גרוי־סען טהייל ביז היינט צו טאג, אז רוסלאנד קאפיטאליזירט זיך ניט אזוי ווי אנדערע לענדער. און זיי האבען אויך „באוויזען“ זייערע באהויפטונג מיט ציפערען. די ס. ס. האבען יעצט אויפ־געהויבען דעם זעלבען געשריי וועגען די אידען, מיט דעם אונ־טערשייד, וואס יענע האבען געמאכט, און מאכען דיזע באהויפ־טונגען, אום צו באווייזען די פאלשקייט פון מארקס' לעהרע, ווערענד די ס. ס. מאכען דיזע באהויפטונג גראדע צוליב דעם מארקסיזם.

איך קען זיך דא ניט אריינלאזען אין דעם גאנצען וכוח, איך וויל נאר זאגען, אז דיזע אלע באגרייפען ניט דעם כאראקטער פון די קאפיטאליסטישע אינדוסטריע; זיי זעהען ניט איין, אז די אלע זאגענאנטע קליין־אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען טראגען אין אמת'ען א גרויס־קאפיטאליסטישען כאראקטער, אז די אלע קליינע מייסטערלעך זיינען אין אמת'ן ניט מעהר ווי „ארבייטער“, וועלכע האבען די געלעגענהייט אויסצוצאפען אנדערע ארבייטער אונטער זיך.

די הויפט כאראקטעריסטיק פון די גרויס־אינדוסטריע איז,

וואס דער ארבייטער איז אפגעריסען פון געצייג, און וואס ער האט קיין שייכות ניט מיט זיין ארבייט־געבער; וואס ער פאר־קויפט זיין ארבייט־קראפט אלס „פרייער" מענש אויף א באַ־שטימטע צייט, פאר א באשטימטע סומע, און וואס דער קאנ־טראקט צווישען דעם ארבייטס־געבער און ארבייטער, זייענדיג א קאנטראקט צווישען צוויי „גלייכע" און פרייע מענשען, קען צו יעדע צייט געבראכען ווערען פון יעדען פון די צוויי צדדים. ווער עס ארבייט אונטער דיזע סיסטעמע, ארבייט אונ־טער א קאפיטאליסטישע סיסטעמע און איז אונטערווארפען אלע פאלגען פון קאפיטאליזם.

עס איז גענוג צו באטראכטען דיזען איין פונקט, מען זאל איינזעהן, אז די זאגענאנטע קליין אינדוסטריע איז אין אמת'ן א טהייל פון די גרויס־קאפיטאליסטישע פראדוקציאן, מיט צוויי אויסבייטער אנשטאט איינעם. אין אמעריקא קען מען דאס אמבעסטען זעהן: מיר האבען דא זעהר פיעל קליינע פאברי־קען. אבער ווען מען קוקט זיך צו צו דעם כאראקטער פון דיזע פאבריקען זעהט מען גלייך אז אזא „פאבריק" איז נור א קליי־נע טהייל פון א גרויסען פאבריק. דער „אונטערנעמער" איז אין אמת'ן נור אן אגענט פון א גרויסען פאבריקאנט אדער סוחר, און טראָג דעם. וואס אזא „אונטערנעמער" לעבט אפט בעסער ווי זיין ארבייטער (און אמאל אויך ערגער) איז ער אבער עקאנאמיש ניט בעסער געשטעלט פון דעם ארבייטער. ער איז גראדע אזוי אבהענגיג פון דעם גרויסען קאפיטאליסט, ווי דער ארבייטער. דער פלאץ וואו זיין פאבריק געפינט זיך, איז קודם כל ניט זיין, דאס איז אפגעדונגען פון דעם אייגענטי־מער פון הויז; די קראפט וואס טרייבט זיינע מאשינען, די פערע אדער עלעקטריציטעט איז געדונגען פון א גרויסע קאמ־פאניע; די מאשינען זיינען אין די מייסטע פעלע אין גאנצען געדונגען אדער גענומען אויף אויסצאלען; דאס רוי־מאטע־ריאל קריגט ער פון דעם גרויסען פאבריקאנט אדער סוחר פאר וועלכען ער מאכט די ארבייט. אפילו דאס געלד אויסצוצאלען די ארבייטער, מוז דער גרויסער פאבריקאנט יעדע וואך געבען דיזען כלומר'שטדיגען מייסטער, און עס טרעפט זעהר אפט, דאס אזא חברה־מאן, פון א „זעלבסט־שטענדיגען" אונטער־

נעהמער, מאכט א ויברח מיט די ארימע פאר דאלאר. און ווי נידעריג אזא האנדלונג זאל ניט זיין, איהר קענט זיכער זיין, פון נחת און רייכטום טוט ער דאס געוויינליך ניט. מיט צוויי — דריי הונדערט דאלאר ענטלויפט מען ניט פון נחת. רעדט מיט דער סטאטיסטיק, איז ער פאר איהר א זעלבסטשטענדיגער אונטערנעמער, רעדט מיט די סאציאליסטען טעריטאריאליס־טען, זיינען די ארבייטער פון אזא „פאבריק" ניט קיין פאזי־טיווע" פראלעטאריער, אין אמת'ן אבער זיינען צעהן אדער צוואנציג אזעלכע פאבריקען איין גרויסע פאבריק. און די אר־בייטער גאנץ „כשר'ע" פ א ז י ט י ו ו ע פראלעטאריער. אויסער דיזען מוז מען אין זינען האבען, אז דער קאפיטא־ליזם האט באשאפען א גאנצע רייהע פון נייע און הילפס „אינ־דוסטריען". ווי דאס פאררריכטען פון מאשינען, שלייפען שע־רען און גרויסע מאשין־מעסערס, פאררריכטען בייסיקלאך (וועלאסיפעדען) א. ז. וו. וועלכע זיינען פון נאטור קליינע אונטער־נעמונגען. די גרויסע שטערט, וועלכע זיינען אויך א פאלגע פון קאפיטאליזם, האבען באשאפען א גאנצע מאסע ארבייטער, וועלכע קוקען ניט אן קיין מאשין אין זייער לעבען ווי די קאנ־דוקטארס און טרייבערס אויף די קארס (טראמוויי'ס), האפען ארבייטער א. ז. וו. דער קאפיטאליזם האט אויך באשאפען א געבילדעטעס פראלעטאריאט, ווי ארכיטעקטארס, אפטיי־קערס, בוכהאלטערס, פארשיעדענע צייטונגס שרייבער, קלערקס (פריקאשטשיקעס) א. ז. וו. ווער עס זאגט, אז דיזע אלע זיי־נען ניט קיין פאזיטיווע פראלעטאריער, ווער עס זאגט אז די־זע אלע קענען ניט נעמען קיין אויפבויענדען אנטהייל אין דער סאציאלער רעוואלוציאן, ווער עס זאגט אז נור די וואס שטעהן ביי די גרויסע רעדער פון די גרויסע מאשינען, זיינען די איינ־ציגע, די אמת'ע, די פאזיטיווע פראלעטאריער; ווער עס זאגט דאס, דער פארשטייט ניט דעם מעכאניזם פון קאפיטאליזם, דער פארשטעהט נאך וועניגער די לעהרע פון מארקס. דער קען ניט און האט קיין רעכט ניט צו מאכען נייע טעאריעס. דאס איז איינס. צווייטענס, מוז מען באטראכטען דעם כאראקטער פון דער סטא־טיסטיק גופא מיט וועלכען די ס. ט. באווייזען, אז די אידען פראלעטאריזירען זיך ניט.

מ. אָפּענהיימער, ריידענדיג וועגען אַזאַ סאָרט סטאַטיס־טיק זאָגט: די סטאַטיסטיק איז ווי אַ ווייכע טייג, מען קען איהר קנעטען און בויגען ווי מען וויל נור אַליין; מיט אַ בי־סעל דיאַלעקטיש שוואַרץ־קינסטלעריי, קען מען מיט סטאַטיס־טיק באַווייזען, וואָס מען וויל נור אַליין.

דאָס איז נור אַ האַלבער אמת, ווי מיין פריינד ל. בודין באַ־מערקט ריכטיג אין זיין גרויסער אויסגעצייכענטער ענגלישער אַרבייט איבער מאַרקסיזם. אין „אינטערנייישאַנאַל סאָשיאַ־ליסט רעוויו" מיט אַזאַ סאָרט סטאַטיסטיק, זאָגט ער, קען מען גאָר ניט באַווייזען. סטאַטיסטיק־ציפערן, גראַדע ווי פאַקטען, באַווייזען אַליין גאָר ניט, מיט זיי קען מען נור באַווייזען עט־וואָס, ווען מען ברייננט זיי אין אַ געוויסע שייכות, אין אַ גע־וויסען לאָגישען צוזאַמענהאַנג. איך קען אייך למשל באַווייזען מיט ציפערן, אַז 99 מענשען וואָס האָבען ניט דעם טאָג אי־בערצולעבען, פאַרמאָגען יעדער צו 5 מיליאָן דאָל. אַלץ וואָס איך וועל טון, איך וועל צו די 99 אביונים צושטעלען דעם הונ־דערט־פאַכיגען מיליאָנער קאַרנעגיע. איך וועל דאַן מאַכען אַזאַ חשבון: דאָ האָבען מיר הונדערט מענשען צוזאַמען מיט אַ פאַרמעגען פון 500 מיליאָן דאָלאַר. קומט אויס 5 מיליאָן דאָ־לאַר אויף אַ חלק. דער חשבון איז צדק, אָבער באַוויזען האָב איך גאָר ניט.

אויף אַזאַ אופן באַווייזט מען אונז טאַקע אַז אַמעריקאַ איז דאָס רייכסטע לאַנד אין דער וועלט, און די אַמעריקאַנער — די גליקליכסטע מענשען. צו די פיעלע מיליאָנען פון אַמעריקאַנער שנאָרערס, שטעלט מען צו די עטליכע טויזענד פיעלפאַכיגע מיליאָנערען און מען צוטהיילט דאָס גאַנצע געלט פער קאָפּ. דאָס געלט בלייבט ביי די מיליאָנערען און דער חשבון ביי די קבצנים.

אַז דיזע סאָרט סטאַטיסטיק באַווייזט גאָר ניט, האָבען פיעל־לע געלערנטע שוין איינגעזעהן, און זיי האָבען אויפגעהערט צו געברויכען דורכשניטס־סטאַטיסטיק.

דאָס אידישע פאָלק איז אָבער נאָך אַלץ געשטראָפט מיט דיזע סאָרט סטאַטיסטיק, און צווישען אַלע צרות און רדיפות וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט און האָט נאָך יעצט אויס־

צושטעהן, איז די סטאטיסטיק ניט די קלענסטע. פריינד ווי פיינד פארפאלגען איהם אונאויפהערליך מיט סטאטיסטיק. פון די פּאגראמען וועט איהם אפשר העלפען די דומא, אדער די זעלבסט־שוץ, אדער די רעוואלוציאן אין רוסלאנד; פון סטאטיסטיק זאל איהם נור איין גאט העלפען! וואס האט מען שוין אלע ניט באוויזען אויף אידען מיט סטאטיסטיק? „דאס אידישע פאלק געהט אונטער". „דאס אידישע פאלק פאר־מעהרט זיך"; ביי „די אידען איז דא א גרויסער צאהל משוגעים", „ביי אידען איז דא א סך גאונים", „אידען גיבען ארויס א גרויסע צאהל דאקטוירים", „אידען זיינען מעקלערס און שווינדלערס, „אידען פארכאפען אלע מלאכות", „אידען לאזט מען ניט אריין אין די פאבריקען", א. ז. וו. א. ז. וו. און אלעס דאס ווערט באוויזען מיט סטאטיסטיקע, וויסענ־שאפטליך, זא צו זאגען. דאס אינטערעסאנטע דערביי איז, וואס זיי האבען אלע רעכט, וואס זיי זאגען אלע דעם אמת, און דאס הייסט אזוי פיעל, אז זיי האבען אלע אונרעכט, אז זיי זא־גען אלע ניט דעם אמת, מיט איין ווארט: אז זיי באווייזען גאר ניט. און דאס קומט פון דעם וואס דיזע אלע באנוצען זיך מיט די דורכשניטס־סטאטיסטיק, מיט די מעטאדע, וואס די וויסענשאפט פארווארפט.

איך וויל זיך ניט אריינלאזען אין די פארפלאנטערטע און נוצלאזע פראגע: צו זיינען אידען א פאלק צו ניט? צו הא־בען זיי די סמנים פון א פאלק צו ניט? אזעלכע קשיה'ס ווע־רען זעהר אפט פארענטפערט אויף דעם שלאכט־פעלד. איך פערזענליך גלויב, און פיהל, אז אין זעהר פיעלע הינזיכטען זיי־נען אידען יא א פאלק. אבער יא א פאלק צו ניט א פאלק, קיין סאציאלע אדער פאליטישע איינהייט זיינען אידען געווים ניט, אויב סאציאלע און פאליטישע אומגעבונג ווירקען אויף מענשען, דאן וועלען די פראנצויזישע אדער די דייטשע אידען זיך אונ־טערשיידען פון די פוילישע און ליטווישע אידען אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל די פראנצויזישע אדער דייטשע סאציאלע און פאליטישע אומגעבונג איז פארשיידען פון די פוילישע און ליטווישע. נעמען דיזע אלע אידען און ווארפען אין איין טאפ אריין און זיי אפשיידען פון אלע ניט אידען איז פאלש. און

דייטשע „יהודים" טוען דאס טאקע ניט, זיי שרייען גע־וואלד, אז זיי שטעהען העכער פון די „פאליאקען". גראדע אזוי פאלש, און נאך פיעל פאלשער, איז עס צו מאכען א פאר־גלייך צווישען די אידען פון ווארשא און די פוילישע כלאפּעס פון ווארשעווער גובערניע, אדער צווישען די אידען פון אדעססא און די מוזשיקעס פון כערסאנער גובערניע, און דאס איז גראדע וואס אונזערע סטאטיסטיקער טוען. זיי ווייסען פון קיין אנ־דערע ווי רעליגעזע אונטערשיידען; זיי קענען נור אידען און — ניט אידען. אלע וואס גלויבען אין תורת משה באלאנגען צו איין קאטעגאריע, אלע וואס גלייבען אין ברית חדשה באלאנ־גען צו א צווייטע קאטעגאריע, אלע אנדערע אומשטענדען ווי ערציהונג, באשעפטיגונג, וואהנפּלאץ, עקאנאמישע אומשטענ־דען א. ז. וו. עקזיסטירען פאר זיי ניט, זיי ווייסען פון אידען און ניט אידען. דאדורך קען מען באווייזען וואס מען וויל נוה אליין, דאדורך באווייזט מען אין אמת'ן גאר ניט.

איין ביישפּיעל וועט דאס קלאהר מאכען: ווי אזוי געפינט מען אויס, למשל, אז ביי אידען איז דא מעהר משוגעים ווי ביי ניט אידען? די חכמים טוען אזוי: מען נעמט א געוויסע גובערניע אין רוסלאנד, און מען געפינט אויס וויפיעל קריס־טען עס וואהנען אין דיזע גובערניע און וויפיעל אידען עס וואה־נען, און עס קומט אויס, לאמיר זאגען 1 איד אויף 10 קריסטען, דאן בארעכענט מען וויפיעל משוגעים — אידען און קריסטען — עס זיינען פאראן אין דיזע גובערניע און מען געפינט אויס, אז אויף יעדע 8 משוגענע קריסטען געפינט זיך איין משוגענער איד, און דער חשבון איז קלאהר, אז דער פּראצענט פון משוגעים ביי אידען, איז גרעסער ווי ביי קריסטען. דאס זעל־בע טוט מען, לאמיר זאגען מיט דאקטוירים און מען געפינט אויס, אז אידען גיבען א גרעסערע פּראצענט דאקטוירים. דא־ביי פארגעסען דיזע חכמים, אז אודאי דריי פערטעל פון די איינוואהנער, זיינען מוזשיקעס, וועלכע גיבען ניט ארויס איין דאקטאר אין הונדערט יאהר, און וועלכע גיבען אויך ארויס זעהר ווייניג משוגעים, צוליב זייער שטילען, שלאבערינען, שלעפעריגען, לאנגזאמען, רעגעלמעסיג און ארבייטסזאמען לע־בען אין דעם דארף, ווערענד די גרויסע שטאדט מיט איהר

אינטעליגענץ, מיט איהר נערוויש און טומעל, מיט איהר לויפע־ניש און האוועניש, מיט איהר הו־הא, מיט דעם קאמפף אום׳ס דאזיין, מיט די מעגליכקייט רייך צו ווערען, מיט איהר אונ־רעגעלמעסיגקייט פון באשעפטיגונג ,פראדוצירט אי דאקטוירים אי משוגעים, אי געלעהרטע, אי שווינדלערס, אי ארבייטער אין א גרויסע צאהל. און אז די אידען זיינען מייסטענס שטעטי־שע, נרויס־שטעדטישע באוואהנער. ווען מען וויל אלזא אנ־שטעלען א פארגלייך, מוז ער זיין צווישען שטאדטישע אידען מיט שטאדטישע נים־אידען. צו דער רעזולטאט וואלט ארויס־געקומען פארשיידען צו נימ, וויים איך נים. גענוג איז, אז אזעלכע ציפערען האבען מיר נים, און די ציפערען וואס מיר האבען באווייזען גאר נים.

מיר קענען יעצט צוקומען צו אונזער פראגע:

די ס. ט. באהויפטען, אז די אידען פראלעטאריזירען זיך נים. פון וואנען ווייסען זיי דאס? פון וואנען נעמען זיי, אז מען לאזט די אידען נים אריין אין די גרויסע פאבריקען? זיי נעמען דאס פון די סטאטיסטיקע. זיי רעכענען אוים, די צאהל פון פאבריקען אין די „טשערטא“, די צאהל פון די נימ־אידען אין דיזע פאבריקען און די צאהל פון די אידישע אר־בייטער, און זיי ווייזען אייך, אז אידען קענען נים אריין אין די פאבריקען.

פון דעם אויבען־געזאגטען וועט דער לעזער אליין קענען זעהען, אז דער חשבון איז א פאלשער. אין דיזען פאל, איז ער אבער דאפעלט פאלש, דרייפאך פאלש. ערשטענס האבען זיי נים קיין ציפערען, די ציפערען וואס די „יק״א“ האט ארויסגעגע־בען, „די מאטעריאלען וועגען די עקאנאמישע לאגע פון די אי־דען אין רוסלאנד“. זיינען נים פאלשטענדיג און מען קען זיך אויך אין פיעלע הינזיכטען נים פארלאזען אויף זיי, ווי די צו־זאמענשטעלער פון די „מאטעריאלען“ זאגען דאס אוסדריק־ליך. צווייטענס, זאגאר דיזע ציפערען באווייזען פיעלעס גע־גען זיי; און דריטענס, און הויפטזעכליך, זיי נעמען נור די ציפערען, נים נעמענדיג אין אנבעטראכט די אנדערע אומ־שטענדען. און ציפערען אליין זיינען נים מעהר ווי ציפערען, זיי באווייזען גאר נים.

די איובענדערמאנטע „מאטעריאלען“ ווייזען אליין אז אויף איינינגע אורזאכען ווארום אידען קענען ניט אריינקומען אין די גרויסע פאבריקען: אידען, פאר אלעם, ארבייטען ניט שבת, ווערענד די פאבריקען ארבייטען ניט זונטאג. צוליב דער אונטערדריקונג פון דער רעגירונג איז דא זעהר וועניג אידישע אויסגעבילדעטע טעכניקער, פון דעם קומט, וואס אויך די אידישע פאבריקאנטען זיינען געצוואונגען צו האלטען קריסטען צו דער ארבייט, און קענען ניט לאזען לויפען זייערע מאשינען אום זונטאג. ווידער, די מייסטע גרויסע פאבריקען ליגען אין די דערפער, וואו אידען טארען ניט וואוינען. דאס אליין זאל דאך גענוג זיין צו באווייזען, אז אויב אידען קענען זיך ניט פראלעטאריזירען איז עס מייסטען צוליב די אונטערדריקונג פון די רעגיערונג. ווען די זעלבסט־הערשאפט ועט פאלען, פאלט אוועק די באשריינקונג פון די אידישע אויסבילדונג און פון די אידישע וואהנונג אין די דערפער. ווען עס וועלען זיין אידישע מעכאניקער, אידישע מאשיניסטען, און די אידען וועלען מעגען וואהנען אין די דערפער, דאן וועלען אויך זיין אידישע פאבריק ארבייטער.

דאס איז אבער נאך מיין מיינונג ניט דאס וויכטיגסטע, א סך וויכטיגער איז פאלגענדעס: די ס. ט. שטעלען אוועק דאס געהן אין די פאבריק אריין אלס אן אידעאל צו וועלכע יעדער ארבייטער דארף שטרעבען, און צו וועלכען ער רייסט זיך מיט׳ן גאנצען כח, ווייל דאס מאכט איהם פאר א פאזיטיווען פראלעטאריער.

דאס קומט פון דעם וואס זיי פארשטעהען אזוי שלעכט דעם מארקסיזם. זיי מיינען, אז על פי תורת מארקס, איז א מצוה צו ווערען א „פאזיטיווער“ פראלעטאריער, אז דאס איז איינס פון די עיקרים. עס איז אבער ניט דא אזא מצוה, דער מארקסיזם זאגט נור, אז דער קאפיטאליזם ט ר י י ב ט דעם קליינעם אונטערנעמער אין די רייהען פון פראלעטאריאט, אז ער ט ר י י ב ט דעם ארבייטער צו פארקויפען זיין ארבייטס־קראפט צו דעם וואס פארמאגט די מאשין. דער ארבייטער וויל לחלוטין ניט געהן, און ער געהט נאר ווען ער קען זיך אנדערש ניט העלפען. דער קאפיטאליזם ט ר י י ב ט איהם אבער מיט

געוואלד. און מיט וואסער מיטלען דער קאפיטאליזם טרייבט אין פאבריק אריין, קען מען זעהן פון דער ענגלישער פאבריק געזעצגעבונג. און ניט נאר די ענגלישע פאבריקאנטען האבען דאס פארשטאנען, אפילו די אונציוויליזירטע, האלב בארבארי־שע „קאצאפעס" פון פיאטר דעם ערשטען'ס צייטען אן ביז היינט האבען פארשטאנען דעם קונץ. עס זיינען געווען צייטען אין רוסלאנד, ווען מען האט באשטראפט פאר ניט געהן אין פאבריק; די פאבריקאנטען האבען געקראגען דאס רעכט צו קויפען פאנשטשיזניקעס און זיי צווינגען צו ארבייטען אין פאב־ריק, מען האט זיי געצוואונגען צו שיקען זייערע קינדער אין פאבריק, דעם רוסישען מוזשיק האט מען אלזא געטריבען אין פאבריק מיט די קאזאצקע נאגייקע. און ווי ליב דער מוזשיק האט געהאט די פאבריק, קען מען זעהן פון דעם, וואס נאך 1861 ווען מען האט די לייב־אייגענע (פאנשטשיזנע) באפריים, האבען זעהר פיל פאבריקען באנקראטירט צוליב מאנגעל אין ארביי־טער. מען האט די שכירות געהעכערט 4 מאל אזוי פיעל אבער דאס האט ניט געהאלפען, מען האט דעם רוסישען פויער ניט געקענט איינהאלטען אין פאבריק*). דער קאפיטאליזם אין רוסלאנד האט נאטירליך דאפיר געזארגט צו קריגען ארבייטער, און ער האט געפונען נאך מעהר ווי ער ברויכט. אבער פון פארגעניגען וועגען איז דער רוסישער פויער אין פאבריק ניט נעגאנגען. און מען קען ווירקליך צו איהם גאר ניט האבען פאר דאס, ווען מען לעזט אויף וואסער גרויזאמען אופן דער רו־סישער ארבייטער ווערט אויסגעבויטעט. דער לעזער וואס אינ־טערעסירט זיך מיט דיזען ענין קען דאס נאך לעזען אין דעם רוסישען זשורנאל „פראוודא" פאר 1905 אין דער אפהאנד־לונג „די לאגע פון די ארבייטער קלאסע אין רוסלאנד". אבער דאס איז א זייטיגע זאך. וואס איך וויל אויספיהרען איז, אז אידען זיינען קיין פאנשטזיזניקעס קיין מאל ניט געווען, און אליין פון גוטען ווילען, אדער צוליב די „מארקסיסטישע" טע־אריע פון די ס. ט. זיי זאלען זיך קענען פראלעטאריזירען, זיי־

---

*) זעהט וועגען דיזען ענין: „רוסקאיא פאבריקא, (די רו־סישע פאבריק) פון טוגאן — באראנאווסקי.

נען זיי אין פאבריק ניט געגאנגען. ביי אידען האט זיך דאדורך ניט אויסגעארבייט קיין ארבייטער קלאס, און נאך ווייניגער א פאבריק־ארבייטער קלאס. פון דער צווייטער זייט האט זיך צו דערזעלבער צייט ביי די אידען אויסגעארבייט א שוויץ־סיס־טעמע. דאס קלינגט פּאראדאקסאל, אבער עס איז ריכטיג.

מען דארף ניט פארגעסען, אז דער אמת'ער קאפּיטאליזם אין רוסלאנד האט זיך ערשט אנגעהויבען צו אנטוויקלען זייט 1861 יאהר, נאך די אפּשאפונג פון פאנשטזיזנע. די ארבייטער וואס דער קאפּיטאליזם האט באדארפט צו האבען, האט ער געצוואונ־גען מייסטענס פון די באפרייטע פּויערים, און פון די פריהער דיגע בעלי מלאכות, וועלכע זיינען געווען אויסגעלערנטע ארביי־טער. אידען זיינען ביז דאן געווען נור זעהר ווייניג בעלי מלאכות. און נאך א לאנגע צייט נאך דעם איז ביי אידען גע־ווען א חרפּה צו לערנען א מלאכה. צוויי סארטען אידען זיינען געווארען בעלי מלאכות, ערשטענס די אינגלאך וואס האבען ניט געוואלט זיין קיין לייט, ווי מען פלעגט דאס זאגען. ווען א פאטער האט שוין אלעס אויספּרובירט און עס האט ניט גע־האלפען, האט ער דאס אינגעל געגעבען צו א בעל מלאכה. די צווייטע קלאס איז געווען די ארימסטע פון די ארימע. ווען דער פאטער האט זיך באין אופן ניט געקענט העלפען, אבער ווען ער איז געשטארבען, און עס איז געבליבען אן אלמנה מיט יתומים, האט מען אויסגעטהון דאס שעם־היטעל און געמאכט דאס קינד פאר בעל מלאכה. דיזע האבען אבער ניט געקענט זיך אויס־לערנען א גוטע מלאכה. דיזע האבען געמוזט שנעל פארדינען געלט צו העלפען די עלטערען אדער די מאמע, די אלמנה. דער קאפּיטאליזם וואס האט זיך שוין געהאט גענוג אנטוויקעלט אין זיין פארטהיילונג פון די ארבייט, האט זיי אין דעם פיעל גע־האלפען. זיי זיינען דאדורך געווארען פּאפּיראסניקעס, ציגא־רען מאכער, קאמאשען מאכער, די פארשיידענע טהיילען פון

שניידער פאך א. ז. וו. די עטליכע וואס האבען זיך געלערנט א שענערע מלאכה, זיינען געווארען זייגער מאכער, שניצערס, סטאליארעס א. ז. וו. אין די קאפאלניעס (מינעס) ווי זייערע טאטעס זיינען ניט געווען, זיינען זיי ניט געגאנגען און ניט גע־קענט געהן. צו די אייזענבאהן וואס באלאנגען מייסטענס צו דער רעגיערונג. זיינען זיי ניט געגאנגען און ניט געקענט און ניט געוואלט געהן.

צו דיזען איז נאך צוגעקומען די עמיגראציע נאך די ער־שטע פאגראמען. ווער עס געדענקט דעם אנפאנג פון דער אי־דישער עמיגראציע פון רוסלאנד ווייס, אז כמעט יעדער איד וואס האט זיך געקליבען פאהרען אין ענגלאנד אדער אמעריקא, האט זיך געלערנט נייהען אויף'ן מאשין. ווי האבען זיי אנדערש געקענט? וואס קענען טהון מענשען וואס האבען זייער לעבען געלעבט פון ווינד? — ווי אזוי קענען דיזע מענשען פאהרען אין א פרעמדע לאנד, מיט א פרעמדע שפראך, מיט פרעמדע מנהגים און פרעמדע געזעצען? זיי האבען זיך אלזא געמוזט אויסלערנען א „מלאכה“. דאס לייכטעסטע איז געווען דאס נייהען אויף'ן מאשין. אזוי ארום איז אויך אין ענגלאנד און אין אמעריקא ענשטאנען א „אידישע“ קליידער אינדוסטריע. וואסערע ארבייטער דיזע אלע זיינען געווען, קען מען אם בעס־טען זעהן, ווען מען קוקט דורך די ליסטע פון די אידישע יו־ניאנס פון אמעריקא (זיי האבען אלע בעלאנגט צו די יו־ניאנס). איהר וועט הייגט קיין 5 פראצענט פון יענע ארבייטער, איך בין זיכער, ניט געפינען אין די ליסטע פון די יוניאנס. איהר וועט אבער דיזע נעמען געפינען אין די ליסטען פון אדוואקאטען, דאקטוירים, דענטיסטען, לעהרערס, רעדאקטערע, צייטונג שריי־בער, אגענטען, פאבריקאנטען, מעקלערס, שפעקולאנטען אין היי־זער (ריעל עסטייטניקעס), מיט אייןווארט: אלעס זיינען זיי געווארען אבער קיין ארבייטער זיינען זיי ניט געבליבען.

און דאס איז אויך ניט אלעס:

עס איז א מערקווירדיגער פאקט, א פאקט וואס די סאציאליסטען טעריטאריאליסטען מעגען וויסען, אז די רוסישע „נאציאנאלע אינדוסטריע” באלאנגט ניט צום רוסישען פאלק. זי באלאנגט נאר צו אויסלענדער. עס זיינען ענגלישע, פראנצויזישע און בעלגישע קאפיטאליסטען הויפטזעכליך, וועלכע זיינען די איינענטהימער פון די רוסישע „נאציאנאלע אינדוסטריע”.*)

דיזער פונקט איז זעהר וויכטיג. דאס ענדערט דעם גאנצען חשבון פון די ס. ט. און באווייזט אויך די ריכטיגקייט פון מיין באמערקונג איבער דער סטאטיסטיק. די סטאטיסטיק וויים נור פון אידישען און ניט אידישען קאפיטאל, אידישע און ניט אידישע ארבייטער. די ס. ט. און אנדערע טרומייטערען נאך דיזע סטאטיסטיק, אז דאס אידישע קאפיטאל קען זיך ניט אנטוויקלען, אז די אידישע ארבייטער פראלעטאריזירען זיך ניט. ווען דאס אמת׳ע קאפיטאל אין רוסלאנד איז אויסעלנדיש קאפיטאל, דאן פארשטעהט מען בעסער ווארום דאס אידישע קאפיטאל ענטוויקעלט זיך ניט אזוי שטארק. עס האט איינפאך קיין כח צו קאנקורירען מיט דעם אויסלענדישען קאפיטאל. עס איז שוין דאן ניט דאס אידישע קאפיטאל אליין וואס ענטוויקעלט זיך ניט, דאס רוסישע, דאס פוילישע א. ז. וו. קאפיטאלען ענטוויקלען זיך אויך ניט. עס איז דאס אויסלענדישע קאפיטאל אליין וואס וואקסט און פארכאפט אלע אינדוסטריען, און גאנץ רוסלאנד ארבייט פאר אויסלאנד. ווידער, קען טאקע זיין, אז אין דיזען אויסלענדישען קאפיטאל שטעקט מעהר אידישעס קאפיטאל ווי ניט אידישעס. דאס אויסלענדישע קאפיטאל ארבייט אין רוסלאנד אין די פארמע פון אקציען־קאמפאניעס. ווער ווייס וויפיעל אקציען אידען פארמאגען פון דיזען? די סטאטיסטיק שווייגט ווענען דיזע זאכען. דיזעס קען אויך זיין

*) זעה וועגען דיזען א זעהר אינטערעסאנטע אפהאנדלונג פון קארל קאוטסקי אין דער „נייער צייט”, נומער 21 — 1906, אויך דעם אויבענגענאנטען בוך „די רוסישע פאבריק” פון טוגאן — באראנאווסקי י. ס.

די אורזאכע ווארום גראדע די גובערניעס וואו אידען וואהנען, זיינען ניט אזוי שטארק אנטוויקעלט אינדוסטריעל. דאס אויס־לענדישע קאפיטאל געהט פריהער דארט וואו מען קען אויסבוי־טען די נאטירליכע פראדוקטען, ווי נעפטע אין קאווקאז. (דאס דאכט זיך באלאנגט צו אונזערע „ברידער“ די ראטהשילד׳ס, וואס באשטעטיגט די „טעאריע“ פון נאציאנאלע אינדוס־טריע.) דאס אויסלענדישע קאפיטאל האט זיך אויך מייסטען געווארפען צו די אייזען און אייזענבאהן אינדוסטריע, פון וועל־כע אידען זיינען אויסגעשלאסען 1) צוליב די אלגעמיינע אונקענטנים פון דעם פאך, 2) צוליב דעם שבת, 3) און הויפטזעכליך, ווי מיר שיינט, ווייל די אויסלענדישע קאמפא־ניעס האבען באדארפט קריגען קאנצעסיעס פון די רעגיערונג, און די רעגיערונג איז דער גרעסטער און אפשר דער איינ־ציגער אנטיסעמיט אין רוסלאנד, צוליב פאליטישע צווע־קען.

ווייטער. די סטאטיסטיק, אום צו האבען וועלכען ווערט, וואלט געמוזט געבען די ציפערען פון די אידישע פאבריק אר־בייטער פון 1861, און פון היינט. און אזוי ארום אויסגעפינען אויף וויפיעל פראצענט די אידישע פאבריק־ארבייטער זיינען געוואקסען אין פארהעלטנים צו די אידישע באפעלקערונג. דאס זעלבע וואלט זי געמוזט טהון מיט די ניט אידישע ארבייטער, און דאן וואלט מען געקענט ריכטיג וויסען צו אידען פראלע־טאריזירען זיך צו ניט.

דאס טהוט די סטאטיסטיק ניט; זי האט קיין ציפערען פון פריהער, און קען זי אויך ניט האבען, ווייל איך גלויב קוים, אויב עס זיינען געווען וועלכע עס איז אידישע פאבריק־ארביי־טער אין 1861סטען יאהר.

ווען מען נעמט דיזע אלע זאכען אין באטראכט, דאן מוז מען שטוינען אויף דעם אונגעהייערען וואוקס פון דעם אידישען פראלעטאריאט, פון דעם „פאזיטיווען“ פראלעטאריאט. דאן קען מען זיך ניכער באקלאגען אויף דעם, וואס די אידען פראלע־טאריזירען זיך צו שנעל און צו שטארק.

דער פלאץ און די צייט ערלויבט מיר ניט גענוג צו באטראכ־

טען דעם גרויסען מאטעראל פון ציפערען, וואס איז צוזאמענ־געשלעפט אין די „מאטעריאלען איבער די עקאנאמישע לאגע פון די אידען אין רוסלאנד”. דאס פאדערט אן אפהאנדלונג פיעל גרעסער ווי מיין יעצטיגע שטודיע. איך וועל דערפאר נור ברייננגען אייניגע סך הכל'ס. אין די זעקס גובערניעס: ווילנער, וויטעבסקער, גראדנער, קאוונער, מינסקער און מאהליווער, זיינען אין 1897 יאהר געוועזן 1,651 פאבריקען מיט 41,589 ארבייטער. פון דיזע זיינען געוועזן אידישע ארבייטער 22,279, אלזא מעהר ווי א העלפט פון אלע פאבריק ארבייטער, 53:57 פראצענט, זיינען געוועזן אידען.*)

אין די וואלינער, קיעווער, פאדאליער, פאלטאווער און טשערניגאווער גובערניעס האבען די קארעספאנדענטען איבער־געצעהלט 1,189 פאבריקען מיט 83,280 ארבייטער, צווישען וועלכע עס זיינען געוועזן 9,596 אידישע פאבריק־ארבייטער. דאס הייסט עלף פראצענט מיט עטוואס. (11:5 פראצענט).

אין די בעסאראביער, יעקאטערינאסלאווער און טאוורישעס־קער גובערניעס זיינען געוועזן נאך די קארעספאנדענטען 346 פאבריקען מיט 33,341 ארבייטער פון וועלכע 2,058 זיינען גע־וועזן אידען. ד. ה. 6:2 פראצענט.

אין די ערשטע 6 גובערניעס, ווי מען קען זעהן, זיינען מעהר ווי די העלפט פאבריק־ארבייטער אידען, ווערענד אין די אי־בעריגע איז דער פראצענט פיעל קלענער. דאס קומט פון דעם,

---

•) דיזע ציפערן קען מען ניט נעמען גענוי. די „מאטעריאלען” האבען צווייערליי ציפערן. אפיציעלע, וואס די רעגירונג האט ארויסגעגעבען און ניט־אפיציעלע וואס די „איקא” האט אויסגעפונען דורך איהרע קארעספאנדענטען. דיזע צווייערליי ציפערן שטימען ניט. נאך די ציפערן פון דער רעגירונג זיינען אין דיזע 6 גובערניעס געוועזן 2,749 פאבריקען מיט 51,659 ארבייטער. איך האב אוועקגעשטעלט אויבען די ציפערן פון די קארעספאנדענ־טען, ווייל זיי גיבען אן די צאל פון די אידישע ארבייטער, און די רעגירונגס ציפערען גיבען דאס ניט. גאנץ זיכער זיינען אבער די ציפערן ניט. די סטאטיסטיק געהט נור ביז 1897 יאהר. פאר די יאהרען פון 1897 ביז 1906 איז נאך קיינע סטאטיסטיק ניטא.

ערקלערען די „מאטעריאלען“, וואס איז דיזע גובערניעס לינען פיעלע פאבריקען אין די דערפער און מיעסטעטשקעס, וואו אי־דען טארען ניט וואהנען, און אויך ווייל אין דיזע גובערניעס לי־גען די רויה־צוקער און מעטאל פאבריקען, וואו אידען קריגען ניט קיין ארבייט, צוליב די אויבענאויסגערעכענטע אורזאכען, ווי שבת א. ז. וו. דאס איז אבער ניט אלעס. די „מאטערי־אלען“ האבען פארגעסען אריין צו רעכענען זעהר א וויכטינען פונקט. זיי האבען פארגעסען צו זאגען, אז אין די גובערניעס וואו די אידישע פאבריק ארבייטער זיינען קלענער אין צאהל, וואהנען איבערהויפט פיעל ווייניגער אידען ווי אין יענע גו־בערניעס וואו די אידישע פאבריק־ארבייטער זיינען גרעסער אין צאהל. אין די ערשטע 6 גובערניעס זיינען 14 פראצענט פון אלע איינוואהנער אידען, ווערענד אין די איבריגע אויסגע־רעכענטע גובערניעס מאכען די אידען אויס נור אונגעפעהר 9 פראצענט פון אלע איינוואוינער. דער פראצענט פון די אידישע ארבייטער צו די צאהל פון אידישע איינוואהנער ווערט אזוי ארום כמעט פארדאפעלט.

דער פראלעטארישער כאראקטער פון די אידישע ארבייטער זעהט זיך נאך מעהר ארוים ווען מען צוטהיילט די אידישע אר־בייטער נאך די געשלעכטער און אלטער. פון 20,323 ארביי־טער אין די ווילנער, וויטעבסקער, גראדנער, קאוונער, מינסקער און מאהליווער גובערניעס זייען געווען 5,492 פרויען, 1749 מיידלעך און 1,389 קליינע אינגלעך. ד. ה. פרויען זיינען גע־ווען 27 פראצענט, מיידלעך 8:6 פראצענט און אינגלעך 6:8 פראצענט „דיזעס באווייזט“, באמערקען די „מאטעריאלען“, אז די פאבריק צוברעקעלט ביסלעכווייז די פאטריאכאלע פאר־מע פון די אידישע פאמיליע; עס איז שוין דא היינט פלעצער, וואו דאס פייפעל פון די פאבריק טרייבט ארוים פון דער היים גאנצע אידישע פאמיליעס.*)

אידען פראלעטאריזירען זיך, אהן עין הרע, און די ס. ט. מע־נען שלאפען גאנץ רוהיג. אידען וועלען העלפען בויען אין די סאציאלע רעוואלוציאן.

---

*) „מאטעריאלען“, צווייטער באנד, זייטע 217.

איך וואלט נאך געוואלט אנגעהן ווייטער אזוי. אבער, ווי געזאגט, דער פלאץ און די צייט, און אפשר אונזערע לעזער'ס געדולד, ערלויבען דאס ניט.

נעמט צוזאמען דאס אלעס געזאגטע און איהר וועט זעהן וואסער קאלאסאלער, וואסער אונגעהייערע דומהייט עס איז די גאנצע טהעאריע פון די סאציאליסטען טעריטאריאליסטען.

ניין! די ס. ט. וועלען ניט ברייננען די אידישע **גאולה.** **זי וועט מוזען קומען פון אנדערשוואו.**

## די אידישע וואַנדערונג

די אידישע וואנדערונג שפּילט א גרויסע ראָליע אין די אומצעהליגע „וויסענשאַפטליכע" טעאָריעס, וואָס זענען אנטשטאַנען אין די לעצטע צעהן יאָר וועגען דער לעזונג פון דער אידישער פראגע. די ציוניסטען, די פּועלי ציון, די טעריטאָריאַליסטען, די סאָציאַליסטען טעריטאָריאַליסטען און די אלע אנדער פארטייען און „וויסענשאפטען", וואָס זענען ווי שוועמליך אויפגעקומען אין די לעצטע צייטען, האָבען אלע מער, אָדער ווענינער זיך באשעפטיגט מיט דער פראגע פון אידישער וואנדערונג; אלע האָבען זיי געבויט אויף דעמזעלבען באָדען; אלע זענען זיי אויסגעגאנגען פון דעמזעלבען שטאנדפונקט, און אלע זענען זיי געקומען צו דעמזעלבען שלוס: די אידישע וואנדערונג באווייזט די אויסנאַם לאַגע פון די אידען. די אידישע וואנדערונג איז א ספּעציעלע מכה פון דעם אידישען פּאָלק.

מען קאן ניט לייקענען, א גרויסער טייל פון דער אידישער אויסוואנדערונג ווערט ארויסגערופען פון דער ספּעציעלער פּארפאָלגונג, וואָס די אידען האָבען אויסצושטעהן. דער טייל פון דער עמיגראַציע וועט מען הסתם אויפהערען, אויב די פּארפאָלגונגען וועלען נאָכלאָזען. מאכען פון דעם פאקט ספּעציעלע טעאָריעס און אוועקשטעלען די אידישע עמיגראַציע אין א באַזונדערער קאַטעגאָריע לאָזט זיך אָבער נישט. וואָרים עס איז פונקט אזוי אמת, אז די גרויסע מאסען אידישע עמיגראנטען, די הונדערט טויזענדער, עמיגרירען צוליב דיזעלבע אורזאכען, צוליב וועלכע מיליאָנען פון אנדערע נאציעס ווערען באוועגט צו פארלאָזען הויז און היים.

די ערשטע, די וויכטיגסטע, די שטאַרקסטע פון די סבות, איז די עקאָנאָמישע לאגע פון די גרויסע מאסען אונמיטעלבאר דעם

קאפיטאליזם. דאָס וואָס מענשען קאָנען אזוי שווער מאַכען א לעבען אין דער אלטער היים, דאָס צווינגט זיי צו זוכען א נייע היים. דאָס איז אמת פאר אידען ווי פאר ניט אידען.

עס איז אָנגענומען כמעט ביי אלעמען, און דער שרייבער פון דעם האָט דאָס געגלויבט פאר א געוויסער צייט, אז די אידישע אויסוואנדערונג האָט זיך אָנגעהויבען אין דעם יאָר 1881, באלד נאָך די ערשטע פּאָגראָמען, און נאָך די מאי געזע־צען פון 1882.

דאָס איז אמת ווען מען רעדט פון די גרויסע מאסענאויס־וואנדערונגען, און אויף אזויפיעל, אויף וויפיעל די פּאָגראָמען און די ספּעציעלע פארפאלגונגען זענען ווירקליך א גרויסער פאקטאָר אין דער אידישער וואנדערונג. עס איז אָבער ניט דער גאנצער אמת.

ווען מען זאָל אָננעמען, אז די אידישע אויסוואנדערונג פון רוסלאנד האָט זיך אָנגעהויבען אין 1881, נאָך די פּאָגראָמען, וואָלט מען אויך געמוזט אָננעמען, אז ביז 1881 האָט די אידען אין רוסלאנד גאָרניט געפעהלט, אז די מאַי גזרות זענען געווען די ערשטע גזירות געגען די אידען אין רוסלאנד. מען וואָלט אויך געמוזט אָננעמען, אז די אידען אנטלויפען אלע מאָל פון די לענדער אין וועלכע מען פארפאָלגט זיי. ווער וועט זיך אונטערנעמען צו מאכען די באהויפּטונגען? ניט נאָר אין רוס־לאנד, אין אלע אנדערע לענדער, זענען די אידען אויסגעשטא־נען רדיפות און נגישות, זיי האָבען אָבער קיינמאָל ניט עמי־גרירט מיט דעם פרייען ווילען, ווי לאנג די עקאָנאָמישע לאגע איז געווען צו דערליידען. זיי זענען אָפט געזעסען אזוי לאנג, ביז מען האָט זיי מיט געוואלט פארטריבען. אפילו דאן האָבען פארלאָזען דאָס לאנד נאָר אזעלכע, וואָס האָבען זיך אנדערש ניט געקענט העלפען.

די וואָס האָבען זיך געקאָנט העלפען, האָבען אָדער אָנ־געווענדט אלע פארשידענע מיטלען צו בלייבען, אָדער זענען איבערגעפאָרען אין אן אנדער שטאָט פון דעמזעלבען לאנד, ווי די געשיכטע פון דעם "אידישען תחום" אין רוסלאנד, צו דער־מאנען נאָר די נייעסטע געשיכטע, באווייזט דאָס.

ווי שוין באמערקט, איז ניט אין גאנצען אמת, אז די אי־

דישע עמיגראציע האָט זיך אָנגעהויבען אין 1881. די סטאַטי־סטיק פון דעם לאַנד צייגט, אז די אימיגראציע, הגם באַ־שרענקט, האָט זיך אָנגעהויבען אין אָנפאנג פון די 70גער יאָ־רען, און צו דעם, קאָן זיין, האָבען בייגעטראָגען גאָר אנדערע געזעצען. אין 1874 יאָר זענען נעמליך ארויס די לאַנדוועהר גע־זעצען, נאָך וועלכע יעדער יונגערמאַן איז געוואָרען אונטער־וואָרפען דער אלגעמיינער מיליטער פליכט. מען קאָן נאַטירליך ניט וויסען גענוי, אָבער די השערה איז ניט ווייט פון שכל, אז די נייע מיליטער־פליכטען, האָבען א סך יונגע לייט געטרי־בען אויסצוואוואנדערען. די מיליטער־פליכטען זענען נאָך ביז היינטיגען טאָג, און ניט נאָר ביי אידען, א וויכטיגע אורזאַך פאר אויסוואנדערונג. אין 1878 האָבען מיר געהאַט דעם רו־סיש־טערקישען קריג, וועלכער האָט בלי ספק פארטריבען פ־על יונגע לייט פון דער היים.

אין 1870 האָט די איינוואנדערונג פון רוסלאנד נאָך אמע־ריקא דאָס ערשטע מאָל דערגרייכט די ציפער פון אריבער טויזענט. פון דאן אָן געהט עס וואָס אמאָל העכער, און אין 1875 דערגרייכט שוין די ציפער 8,981. נעקסטען יאָר פאַלט די ציפער ווידער צו 5,700 ווערענד אין דעם פאָלגענדען יאָר, אין דעם יאָהר 1877 שפּרינגט די ציפער ווידער צו 7,132.

אָט די אימיגראנטען זענען ניט וועווען אַלע אידען. צו יע־נער צייט האָט מען פארשריבען אלע אלס רוסען, אָבער מען נעמט אָן, און מיט רעכט, אז די מייסטע פון יענע איינוואנ־דערער זענען געווען אידען.

אלע וואָס האַלטען, אז די אידישע עמיגראציע האָט זיך אָנגעהויבען אין דעם יאָר 1881 האָבען פאר דעם איין ער־קלערונג: די פּאָגראָמען, די פארפאָלגונגען!

ווי אזוי קאָנען זיי ערקלערען די אויבענדערמאָנטע עמיגראציאָנס ציפערען? וואָס איז די אורזאַך, וואָס די אלטע יאָרען, ביז די זיבעציגער יאָרען, זענען די אידען זיך געזע־סען גאַנץ רוהיג און האָבען דאן מיט אמאָל, מיר ניט, דיר ניט, זיך געלאָזען אין דער ווייטער וועלט אריין?

דער ענטפער וואָס מיר האָבען פּרובירט געבען וועגען די לאַנדוועהר געזעצען, און דעם רוסיש־טערקישען קריג, קאָנען

העכסטענס ערקלערען, ווארום די צאָל עמיגראנטען איז גע־שטיגען אין איין יאָר און געפאלען א צווייטען יאָר, זי קאָן אָבער ניט ערקלערען די ערשיינונג פון אן אימער שטייגענדער עמיגראציע.

אן ערקלערונג פאר דער ערשיינונג קאָן מען נאָר באקו־מען, ווען מען באטראכט די אייראָפּעאישע עמיגראציע אלס א גאנצע. אָבער דעמאָלט פאלט די טעאָריע פון אידישע וואנדערונג. מען זעהט דעמאָלט, אז די וואנדערונג איז אונ־טערוואָרפען אלגעמיינע סאָציאלע געזעצען. אז די אידישע עמיגראציע פאלט צוזאמען מיט דער אלגעמיינער עמיגראציע פון מזרח און דרום אייראָפּא, אז זי שטייגט און פאלט צוזאמען מיט יענער.

ווען מען אונטערזוכט די אימיגראציאָנס סטאטיסטיק פון דיזען לאנד, און דאָס איז דערווייל דער בעסטער מיטעל צו שטודירען די עמיגראציע פון אנדערע לענדער, געפינט מען פאָלגענדעס: די אימיגראציע אין דיזען לאנד איז אין די ערשטע צייטען געקומען אויסשליסליך פון דייטשלאנד, דאָס פאראייניגטע ענגלאנד (ענגלאנד, אירלאנד, סקאטלאנד און וועלש), און סקאנדינאוויען. שוין אין 1852 איז די צאָל אי־מיגראנטען פון דייטשלאנד געווען 145,916; אין 1882 איז די איינוואנדערונג פון דעמזעלבען לאנד געשטיגען ביז 250,630. די איינוואנדערונג פון ענגלאנד האָט שוין אין 1851 דערגרייכט די צאָל 272,740.

פאר דערזעלבער צייט זענען געקומען גאנץ ווייניג אימי־גראנטען פון די לענדער פון וואנען די הויפט אימיגראציע קומט היינט צו טאָג.

ביז 1861, למשל, איז פון עסטרייך־אונגארן קיין איינצי־גער אימיגראנט ניט געקומען. די ערשטע פארטיי אימיגראנ־טען פון עסטרייך־אונגארן איז געקומען אין 1861 און זי איז באשטאנען פון 13 מענשען.

דאָס זעלבע איז כמעט אמת וועגען איטאליען און רוס־לאנד.

מיר קאָנען דאָ ניט איבערגעבען אלע ציפערען. אָבער צו

באווייזען אונזער פונקט וועלען מיר נעמען דריי לענדער און פיר הויפט יאָרען פון דעם שפעטערען אימיגראַציאָנס־ שטראָם.

עס זענען אָנגעקומען אימיגראנטען פון:

| לענדער | 1861 | 1881 | 1907 | 1908 |
| --- | --- | --- | --- | --- |
| עסטרייך־אונגארן | 13 | 27,935 | 338,452 | 168,509 |
| איטאליען | 954 | 15,401 | 285,731 | 128,503 |
| רוסלאנד | 129 | 10,655 | 258,943 | 156,711 |

עס איז גענוג צו געבען איין בליק אויף דיזער קורצער טאבעלע, מען זאָל זיך איבערצייגען ווי פאלש עס זענען די טעאָריעס, וואָס בויען זיך אויף די אידישע וואנדערונג אלס אן אויסנאַם פאַל.

פון דיזער טאבעלע קאָן מען צום לייכטסטען זעהן, אז עס איז א גאַנצע רייהע פון לענדער, וואָס זענען אין די 60־גער און זיבציגער יאָרען אריינגעצויגען געוואָרען אין דעם עמיגראַציאָנס שטראָם; אז דיזע לענדער זענען מייסטענס אגראַרישע לענדער, וואו דער קאפיטאליזם האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבען צו אנטוויקלען; וואו ער איז שוין גענוג אנטוויקעלט צו פארטרייבען די פויערים פון דאָרף אין שטאָט. וואו ער איז אָבער נאָך ניט אויף אזוי ווייט אנטוויקעלט צו קאָנען באַשעפטיגען די אלע פון זייער ערד פריי־געוואָרענע פויערים; וואו ער איז שוין גענוג אנטוויקעלט צו פארטרייבען די אידען פון זייערע אלטע באַשעפטיגונגען, וואו ער איז אָבער נאָך ניט גענוג אנטוויקעלט זיי אויפצונעמען אין דער אינדוסטריע.

אלס ווייטערער באווייז צו דיזער באהויפטונג, קאָן נאָך אויך דינען דער פאקט, אז גראָד פון די לענדער וואָס האָבען פריהער געשיקט די גרעסטע צאָל אימיגראנטען, איז די עמיגראציע זעהר שטארק געפאלען. צוליב דעם אינדוסטריעלען אויפבליהען אין יענע לענדער.

און די אידען זענען ניט נאָר קיין אויסנאַם, ווען די אימיגראציע האלט אין וואקסען. זיי געהען מיט דעם שטראָם גלייך דערמיט ווען די אלגעמיינע עמיגראציע פאלט, ווי שוין באמערקט. אין דעם יאָהר 1908 ווען די אלגעמיינע עמיגראציע איז שטארק געפאלען, ווארשיינליך צוליב דעם עקאָנאָמי־

שען קריזיס, וואָס מיר האָבען דאָ דורכגעלעבט אין דעם יאָר 1907, איז אויך די אידישע עמיגראציע געפאלען אין א כמעט גלייכער פּראָפּאָרציע...

עס איז נאָך דאָ פיעל צו ריידען וועגען דעם ענין. פאר היינט האָבען מיר נאָר געוואָלט אויפמערקזאם מאכען אויף דעם איינעם פּונקט: וואָס די אידישע לאגע זאָל ניט זיין, וואָס די מיטעל צו פארבעסערען דיזע לאגע זאָל ניט זיין — די אידישע עמיגראציע אין אירע הויפּטשטריכען איז א טייל פון אַן אלגעמיינער סאָציאלער ערשיינונג.

## אינהאַלט:

